מ. שאַץ-אַנין

# געזעל
# שאַפטלעכע
## באַוועגונגען
## בא ײדן פאר
## 1917

מ. שאץ־אנין.

# געזעלשאפטלעכע באוועגונגען
# בא יידן פאר 1917.

ר י ג ע 1 9 3 0

# אַרײַנפיר.

אין דער פאָרגעלײגטער אַרבעט ווערט ווײַטער אַנטוויקלט דער פּרווו צו באַלײַכטן די ײדישע געשיכטע פון מאַרקסיסטישן שטאַנדפּונקט, וואָס איז אָנגעהויבן אינם בוך „די סאָציאַלע אָפּאָזיציע אין דער געשיכטע פון די ײדן". ריגע, 1927*). יענע אַרבעט גענמט אַרום די סאָציאַל=אָפּאָזיציאָנעלע באַוועגונגען אין דער ײדישער געשיכטע ביזן מיטן פון 19=טן יאָרהונדערט.

די געשיכטע פון די ײדן קען אײַנגעטײלט ווערן אין 5 הויפּט=פּעריאָדן: 1. פּאַלעסטינישער צענטער (די עפּאָכע ביז דעם אָנהויב פון דער קריסטלעכער ערא; 2. פּאָדער=אַזיאַטישער צענטער (ערשטע טויזנט יאָר פון דער קריסטלעכער ערא); 3. מערב=אײראָפּעישער צענטער (11—18 יאָרהונדערט); 4. פּויליש=ליטווישער צענטער (18—19 יאָרהונדערט); 5. רוסישער צענטער (סוף 19=טן יאָרהונדערט ביז הײַנטיקן טאָג).

1. די האָרעפּאַשנע מאַסן פונם אַלטן פאָלק ישראל אין שטאָט און דאָרף האָבן געשטרעבט נאָך סאָציאַלער גלײַכהײט. צווישן זײ האָבן זיך געפורעמט פּראָטעסטאַנטישע געפילן קעגן אַ געזעלשאַפט=אָרדנונג פון אײגנטום און שקלאַפערײ. דידאָזיקע סטימולן האָבן געפונען אַ בולטן אויסדרוק אין דעם אָפּאָזיציע=

*) М. Шац-Анин. «Социальная оппозиция в истории евреев». Рига, 1927. 384 стр.

מוסר פון די נ ב י א י ם. אַף דעם באָדן איז אויך געמאַכט
געוואָרן דער ערשטער אָרגאַניזירטער מאַסן=פּרוּוו צו פאַרווירק=
לעכן אין לעבן די אידיי פון סאָציאַלער גלייכהייט: עס האָט
זיך געגרינדעט די קאָמוניסטישע קהלה פון די א ס ע י ם. זי איז
געווען דער ערשטער עטאַפּ אַפן וועג פונם קאַמף פון די יידישע
מאַסן, סיי קעגן פּריוואַט=אייגנטום, סיי קעגן די פאָרמען פון
דער פאַמיליע. אָט דער פּרוּוו האָט געליטן פון אַלע חסרונות
פון פ אַ ר ב ר ו י ך=קאָמוניזם און א ברייטער קאָלעקטיווער פּ ר אָ=
ד ו ק צ י ע. דער אסעיזם איז געווען אַ שאַרפע דעמאָנסטראַציע
פון דער סאָציאַלער גלייכהייט=אידיי.

2. אין משך פון די ערשטע טויזנט יאָר פון דער קריי=
סטלעכער ערא האָבן די וויכטיקסטע צענטרען פון דער יידישער
מאַסן=באפעלקערונג זיך געפונען אין די לענדער פון פאדער=אַזיע.
די סאָציאַל=אָפּאָזיציאָנעלע באַוועגונגען פון אָט דעם פעריאָד זיי=
נען אַ דירעקטער המשך פון די פאַלעסטינישע לויט אירע
צילן, פאָרמען און סימבאָלן. אָט די באַוועגונגען נעמען אן
דעם כאַראַקטער פון נאַציאָנאַלן אופשטאַנד. די אידיי פון
משיחיזם, פון אוניווערסאַלער וועלט=באַנייונג ווערט, וואָס ווייטער
אַלץ מער, דער אָרגאַניזיר=צענטער פון די יידישע פרייהייט=באַ=
שטרעבונגען. נאַציאָנאַלע ראָמאַנטיק לייגט אַרויף אַף דער באַוועג=
גונג איר באַזונדערן שטעמפּל, אָבער פון הינטער דער ראָמאַנטי=
שער שאָלעכץ רייסן זיך אַלע מאָל אַרויס כאָציאַל=רעבעלישע
סטימולן, געווענדט ווידעראַמאָל קעגן אייגנטום און פאַמיליע. די
הערשנדיקע קלאַסן שטרעבן סיסטעמאַטיש צו פאַרפעסטיקן זייער
מאַכט דורך אַ תלמודישן גדר פון „געבאָטן און פאַרבאָטן”. קעגן
זיי איז געווענדט די אָפּאָזיציאָנעלע טעטיקייט פון די אַנטי=תלמודישע
בּפרים=סעקטן. זייער אפיקורסות איז געווענדט ניט אַזוי קעגן
תלמודיזם, ווי קעגן דער געזעלשאַפט=אָרדנונג, וואָס דער תלמוד פאַרטיי=
דיקט. די באַוועגונגען פון די ע ש ו י ס ט ן און א נ נ י ס ט ן
ציען ווייטער דעם פאָדים פון דער סאָציאַלער אָפּאָזיציע קעגן
דער יידישער פלוטאָקראַטיע. די אָפּאָזיציע ווערט אונטערדריקט.
די אָפּאָזיציע=באַוועגונגען דעגענערירן. זיי ווערן א צווייג פון

דער זעלביקער רעליגיעזער אָרטאָדאָקסיע, קעגן וועלכער זיי זיינען אַרויס אין קאַמף (די קאַראימען).

3. מיטן איבערגאַנג פון דעם ייִדישן צענטער פון מערב־אייראָפּע, אָנגעהויבן פונם 11־טן יאָרהונדערט, פאַרשטאַרקן זיך די מעקלערישע און ס'פאַרקלענערן זיך די אַרבעט־עלעמענטן צווישן די ייִדישע מאַסן. דאָס שפּיגלט זיך אָפּ אויף די סאָציאַלע באַוועגונגען פון דעם פּעריאָד. דער משיחיזם ווערט „פאַרקאַנ־ספּירירט" אין דער פאָרמע פון קבלה מיט איר מערקווירדיקער פאַרייניקונג פון סאָציאַלע גלייכהייט־ און טראַדיציאָנעלע פאַרשקלאַ־פונג־מאָטיוון. די משיחישע אויסברוכן באַקומען דעם כאַראַקטער פון פּעריאָדישע סאָציאַלע פּסיכאָזן, וואָס פלעגן אָפט אָננעמען אַ פאַנטאַסטישן כאַראַקטער. די גרונט־פּראָבלעם פון קבליזם — די אויסרעכענונג, וויפיל עס בלייבט נאָך צום „סוף"—איז געווען די קראַפט, וואָס האָט רעגולירט די משיח־אויסברוכן פון דער צייט. דער אוניווערסאַלער סאָציאַלער מאָמענט איז דאָ פאַרבונדן מיטן אייננ־נאַציאָנאַליסטישן. זייער הויכפּונקט האָבן די אָפּאָזיציע־באַ־שטרעבונגען פון אָט דער תקופה דערגרייכט אין דער שבתי־צבי־באַוועגונג, וואָס האָט געווענדט איר קאַמף קעגן דער „הייליקער" תלמודישער ירושה.

די סאָציאַל־אָפּאָזיציאָנעלע באַוועגונגען פון אָט די פּעריאָדן טראָגן אַ מער אָדער ווייניקער אויסגעשפּראָכענעם סעקטאַנטיש־אַנטי־תלמודישן כאַראַקטער. דער קאַמף קעגן סאָציאַלן אומ־רעכט פירן זיי אינם פלאַך פון רעליגיעזער שפּאַלטונג, און דע־ריבער, בעת זיי ליידן אַ מפּלה—פירן זיי אַרויס די רעשטן פון זייערע אָנהייגנער אויף יענער זייט פונם תלמודישן ייִדנטום. ווען דער אַפּיקורסות איז געבראָכן געוואָרן, האָבן זיינע רעשטן זיך אַריינ־געגאָסן אין די קריסטלעכע קהלות. בשעת די אַנטי־תלמודיסטישע כופרים־באַוועגונגען זיינען זיך פאַנאַנדערגעפאַלן, איז געבליבן די פאַרגליווערטע קאַראימען־סעקטע. ווען די משיח־אויפרייסן פונם 3־טן פּעריאָד זיינען אַריבער, זיינען געבליבן נאָך זיי אַלס ירושה איסלאַמישע רענמע און קאַטוילישע פראַנקיסטן.

4. אין 18=טן יאָרהונדערט געפינט זיך די הויפּטמאַסע פון ידישן פאָלק אין פּוילן און ליטע. עס פאַרגרעסערט זיך באַ= דייטנדיק די צאָל ידישע ארבעט=עלעמענטן סיי אין שטאָט, סיי אין דאָרף. אָט די מאַסע ווערט די טרעגערין פון דער סאָצי= אַלער אָפּאָזיציע באַ ידן אין יענעם פעריאָד. דער שווער=פּונקט פון דער באַוועגונג רוקט זיך אַריבער פון רעליגיע און מיסטיק אין דער ספערע פון געזעלשאַפטלעכן לעבן; די אָפּאָזיציע קומט אַלץ נענ= טער צו די רעאַלע און לאָקאַלע באַדערפעניש און נויטן. דער חסידיזם נעמט איבער די קבלה=ירושה, די משיחישע בײנקשאַפט ווערט אויסגעגאָסן אין די עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען פון דער חסידישער בצבור־פּראַקטיק. אינם חסידיזם הערן זיך אָפּ= קלאַנגען פון דער אסעיסטישער שטרעבונג גובר צו זיין דעם סאָציאַלן אָפּגרונט צווישן די פאַרמעגלעכע און די אָרימע מאַסן. סיי די אפּאלאגיע פון אַרבעט, סיי די פריידפולע אקצעפּטירונג פון לעבן זיינען פּסיכישע אנזאָגער פון דער קומענדיקער מענשהייט=באַ= פרייונג. אָבער אויך דער חסידיזם האָט ניט געקענט גיין ווײ= טער פון דער „מרידה" קעגן דער הערשאַפט פון בעסמעדרעש. ער האָט זיך אויסגעלעבט אין אַ טײלווײזער ענדערונג פונם לעבן= שטײגער פון די מאַסן. אופטרייסלען די סאָציאַלע באַזע פון אײגנ= טום האָט דער חסידיזם ניט געהאַט קיין כח. ער איז דעריבער פאַרמשפּט געוועזן זיך אָפּצוקײקלען אַף צוריק—אינם שויס פונם תלמודישן יודאיזם (צדיקיזם).

די טרעגער פון אָט די אלע דערמאָנטע באַוועגונגען: אסעים, אפּיקורסים, משיחיסטן, קבליסטן און חסידים, זיינען לויט זייער מהות ניט געווען ביכולת צו פאַרוואַנדלען זייער צייטווײליקע העגעמאָניע איבער דער ידישער מאַסע אין אַ שעפערישער איני= ציאַטיוו צום איבערבויען דעם געזעלשאַפטלעכן יסוד פונם לעבן אַף רעאַלע גלייכהייט=פּרינציפּן. אין משך פון הונדערטער יאָרן איז דאָס ידישע לעבן—ווי דאָס לעבן פון דער גאַנצער מענש= הייט—געווען שוואַנגער מיט דעם פרייהייט=קינד, ס'האָט אָבער גע= פעלט דער כח צו געבאָרן. דאָס זיינען געווען סאָציאַל=פּאָ= ליטישע מפּילעך. ערשט צום סוף פון 19=טן יאָרהונדערט האָט

דער יידישער אַרבעטערקלאַס אין רוסלאַנד אונטערגעבאַפּט דעם פּאָדים פון סאָציאַלן קאַמף, וואָס איז אַרויסגעפאַלן פון די הענט פון די יידישן בעל־מלאכה און ישובניק. דער ס אָ צ י אַ ל י ז ם, די אידעאָלאָגיע פונם אַרבעטערקלאַס, איז געוואָרן דער פירנדי־קער שטערן פון די יידישע מאַסן. פון דעם אינטואיטיוון פאָר־געפיל פון דער צוקונפט, דורך דער אידעישער נעגאציע פון דער קעגנוואַרט, צו דעם אקטיווסטן אויפבוי פון דער צוקונפט,—דאָס איז דער וועג פון די סאָציאַל־אָפּאָזיציאָנעלע באַוועגונגען בא יידן.

דער באַטראַכטונג פון אָט דעם רוסלענדישן פעריאָד איז געווידמעט די פאָרגעלייגטע אַרבעט—דער כאַראַקטעריסטיק פון די אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע כחות־פאַרהעלטענישן און פון די יידיש־בירגערלעכע ריכטונגען, אַלס יסוד, אויף וועלכן ס׳האָט זיך אָפּגעשפּילט די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג.

דער טעמפּ פון אונזער לעבן איז אזוי רעשדיק, אַז די פאַרגאַנגענהייט שיינט פון אונז צו אַנטלויפן צוריק מיט ריזן־טריט, און מיר אַליין ווערן דורכן שטורם און דראַנג פון אונזער תקופה געריסן פאָרויס צו דער ווייטער צוקונפט. גראָד דאָס שאַפט די פּערספּעקטיוו. וואָס איז נויטווענדיק פאַר אַ מער־ווייניקער אָביעק־טיווער באַלייכטונג פון אַ פעריאָד, אַ גרויסן טייל פון וועלכן מיר האָבן אַליין איבערגעלעבט. אַלץ וואָס ליגט פאַר דער וועלט־מלחמה, איז פאַר אונז—ווייטער עבר.

דידאָזיקע אַרבעט כאַראַקטעריזירט די אָנגעוויזענע תקופה אין אירע אַלגעמיינע גרונט־שטריכן. זי פּרעטענדירט ניט צו געבן אַן אויספירלעכע געשיכטע פון די יידישע געזעלשאַפטלעכע באַ־וועגונגען אין דער געגעבענער תקופה. זי וויל אָנמערקן דעם אָרט און די פונקציעס פון די איינצעלנע סאָציאַל־פּאָליטישע ריכטונגען אין דעם אַלגעמיינעם בנין פון דער תקופה, אויף וויפיל זיי האָבן זיך בולט אויסקריסטאַליזירט ערב דער וועלט־מלחמה און וועלט־רעוואָלוציע. דערביי ווערט די הויפּט־אויפמערקזאַמקייט געלייגט אַפן קלאַסן־מהות און אַף די פּסיכאָ־אידעאָלאָגישע אייגנאַרטיקייטן פון יעדער געזעלשאַפטלעכער שאַטירונג.

אינם פֿאַרגעלײגטן טײל פֿון דער אַרבעט װערט געגעבן אַן אַלגעמײנער איבערבליק פֿון דער ײדישער געזעלשאַפֿטלעכקײט אין דער געגעבענער תקופֿה און די כאַראַקטעריסטיק פֿון אַלע סאָציאַל-פּאָליטישע ריכטונגען אינם ײדישן בירגערטום. די ײדישע סאָציאַליסטישע באַװעגונגען פֿון אָט דער תקופֿה װעלן באַטראַכט װערן באַזונדערש.

---

1.

# די וועגן פֿון דער רוסישער און יידישער געשיכטע.

די היסטאָרישע באגעגעניש פון רוסישן און יידישן פאָלק / די סאָציאלע דיפערענצירונג פון די יידן / פון פאַרמיטלעריי צו פּראָדוקטיווער אַרבעט / דער גורל פון די סאָציאל־אָפּאָזיציאָנעלע באוועגונגען אין דער יידישער געשיכטע / דער פערמאנענטער רוסישער פויערים־בונט און די ראָל פון די פסיידאָ־קייסאָרים. / דער ארבעטערקלאַס אַלס העגעמאָן אינם פרייהייט־קאַמף פון די רוסישע און יידישע מאַסן.

די יידן זיינען דאָס באַדייטנדיקסטע פאַרמיטלער־פאָלק, דאָס צעשפּרייטסטע פון אַלע פעלקער. די רוסן זיינען דאָס גרעסטע האָרעפּאַשנע פאָלק פון אייראָפּע, מיט אַ דאָמינירנדיקער פויערים־באפעלקערונג. דער היסטאָרישער גורל האָט געטראָגן יידן פון לאַנד צו לאַנד, פון פאָלק צו פאָלק, פונם פאָדער־אזיאטישן מזרח צום אייראָפּעישן מערב און פון דאָרטן ווייטער צום אייראָפּעישן מזרח, צום ברייטן רוסישן סטעפּן־לאנד און פון דאָרטן—צום ווייטן אזיאטישן מזרח אַזש ביז צום שטילן אָקעאַן.

די באַגעגעניש פון רוסן און יידן האָט געמוזט האָבן באַדייטנדיקע פאָלגן פאַרן היסטאָרישן גורל פון ביידע פעלקער, באַזונדערש פונם באַוועגלעכן, זיך לייכט צופאַסנדיקן יידישן פאָלק. פון צוויי זייטן ציט זיך דער יידישער וואַנדערער־שטראָם קיין רוסלאַנד. דער עלטערער

שטראָם פון דער יידישער איינוואַנדערונג פון פאָדער־אזיע איבער קרים און דרום־רוסלאַנד — קניפּט אָן האַנדל־באציונגען מיט דער רוסישער נאַטוראַל־ווירטשאַפט. אָט דער שטראָם צעגיסט זיך איבער דרום־רוסישע שטעט און דערפער, אַמאָל צוגעצויגן און באגינסטיקט דורך די מאַכט־האָבנדיקע און פריצים, אַמאָל אָפּגע־האַלטן און אפילו צוריקגעשטויסן דורך דער אויסגעוואַקסענער אָרטיקער פאַרמיטלער־קאָנקורענץ.

דער שפּעטערדיקער יידישער וואַנדערער־שטראָם ציט זיך פון מערב־איראָפּע, שאַפנדיק האַנדל־פאַרמיט־לערישע באַציונגען צווישן איראָפּעישן מערב און מזרח. אָט דער שטראָם גיסט זיך פאַנאַנדער איבער פוילן, ליטע און ווייסרוס־לאַנד, ווידעראַמאָל ארויסרופנדיק אַף זיין וועג אַמאָל צוציענדיקע, אמאָל אָפּשטויסנדיקע סטימולן באַ דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

ערשט צום סוף פון 18־טן און אָנהויב 19־טן יאָרהונ־דערט, מיט דער אינקאָרפּאָרירונג פון פוילן, ווייסרוסלאַנד, וואָ־לין, פּאָדאָליען, ליטע, באַקומט די רוסישע מלוכה אַ צאָלרייכע קאָמפּאַקטע יידישע באַפעלקערונג און צוזאַמען מיט איר דעם פאַרוויקלטן סאָציאַל־פּאָליטישן קאָמפּלעקס מיטן נאָמען „יידן־פראַגע".

די היסטאָרישע באַגעגעניש פון די יידישע פאָלקמאַסן מיט די סלאַווישע פעלקער ווערט באַגלייט דורך טיפע שינויים אין דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער סטרוקטור פון יידישן פאָלק. איינוואַנ־דערנדיק אין מזרח־איראָפּע אַלס ריין האַנדל־פאַרמיטלערישער עלעמענט, בילדן די יידן דעם קערן פון דער אומפּראָדוקטיווער שטאָטישער און דאָרפישער באַפעלקערונג (הענדלערס, שיינקערס, אַרענדאַרן, פאַכטערס, באַנקירן, וווּכערערס א. א. וו.) די אַר־בעטנדיקע עלעמענטן בילדן אין דער תקופה אַן אומבאַדייטנדיקע מינדערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג.

ערשט סוף 18־טן יאָרהונדערט קאָנען קאָנסטאַטירט ווערן ערנסטערע פאַרענדערונגען אין דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער סטרוק־טור פון די יידישע מאַסן אין דער ריכטונג פון זייער פּראָ־דוקטיוויר ונג. אין די שטעט און שטעטלעך וואַקסן אויס

באדייטנדיקע שיכטן פון בעלי־מלאכהס און אויך אין די דערפער באַוויזן זיך יידישע האָרעפּאַשנע עלעמענטן.

אַף וויפיל די גרויס־סוחרישע עלעמענטן פון דער יידישער באַפעלקערונג ווערן אַריינגעצויגן אינם רוסישן קאַפּיטאַליזם, רייסן זיי זיך מער־ווייניקער אָפּ פון „תחום״. די גרויסע מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג בילדעט דער מיטל־ און קליין־סוחרישער עלעמענט, וואָס ווערט באדינט פון מער אָדער ווייני־קער באדייטנדיקע בעל־מלאכהשע האָרעפּאַשנע גרופּן. דער ריין־פויערשער און פּראָלעטאַרישער עלעמענט געפינען זיך נאָך אין עמבריאָנאַלן צושטאַנד. די צוואַנג־מאסמיטלען, מיט וועלכע דער רוסישער צאַריזם האָט געשטרעבט צו שאַפן אַ יידישן פויערטום, האָבן אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט נישט געקאָנט געבן מער, ווי אַ פּאָר צענדליק יידישע לאַנדווירטשאַפט־לעכע ישובים.

אין דער צווייטער העלפט פונם 19־טן יאָרהונדערט, מיטן אַריינדרינגען פון אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד, מערקט זיך אָן אַ נייער עטאַפּ אין דער סאָציאַלער די־פערענצירונג פון די יידישע מאַסן. דער פאַנאַנדערפאַל פון יידישן קליינבירגערטום פירט פון איין זייט צו דער אנט־שטייונג פון אַ יידישן אַרבעטערקלאַס, פון דער אַנדער זייט צו דער פויפּעריזירונג פון באדייטנדיקע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. עס שטאַרקט זיך די גרויסבורזשואַ־זיע, וואָס נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם אויפבוי פונם רוס־לענדישן קאַפּיטאַליזם. און אינם תחום גופא וואַקסט זיך פאַנאַנדער דער מיטעלער בירגערטום. דער יידישער קליינבירגערטום ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער צעמאָלן צווישן די מילשטיינער פון דער קאַפּיטאַליסטישער אנטוויקלונג און נאָר אַן אומבאַדייטנדיקער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג לעבט פון לאַנדווירטשאַפט־לעכער אַרבעט. די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג האָט אַף אַזאַ אופן אונטערגעגראָבן די פּאַרמיטלערישע יסודות פונם אַלטן יידישן פאָלק־לעבן, און נישט געפינענדיק קיין אויסוועג פאַר זיך אין די באַדינגונגען פונם יונגן רוסלענדישן קאַפּיטאַליזם האָבן די

געפּענטעטע כּחות פונם ײדישן המון געפונען זוכן זײער אויסװעג אין דער **עמיגראַציע**.

דער עקאָנאָמישער יסוד פונם ײדישן מאַסן=לעבן אין רוסלאַנד איז אין משך פון די פאָריקע יאָרהונדערטן געװען זומפּיקאומזיכער. קײן געזונטע געזעלשאַפטלעכע פרײהײט=באַװעגונגען האָבן דעריבער אַף דעם יסוד נישט געקאָנט אופבליען. די אומפּראָדוקטיװע, װי אויך די װײניק פּראָדוקטיװע שיכטן פון דעם ײדישן פאָלק האָבן נישט געזען פאַר זיך קײן קלאָר אָנגעטערקטן ציל פון זײערע סאָציאַלע באַשטרעבונגען. װײניקער פון אַלץ האָבן זײ אָבער געזען די קאָנקרעטע מיטלען און װעגן, װאָס װאָלטן געקאָנט פירן צום רעאַלן איבערבוי פונם געזעלשאַפטלעכן לעבן אַף נײע געזונטע סאָציאַל=פּאָליטישע יסודות.

רעאַל איז בײַ די פאָלקמאַסן געװען נאָר אײנס — דאָס פאַרנײנען און באַקעמפן די באַשטײענדיקע געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג, װאָס באַרוט אַף עקספּלואַטאַציע און נויט, און דער מעכטיקער דראַנג צו כאָציאַלער באַפרײונג. צו שטאַרק זײנען נאָך אָבער געװען די נעצן, אין װעלכע די הערשנדיקע קלאַסן האָבן געהאַלטן געפאַנגען דעם המון. באַזונדערש מעכטיק איז געװען זײער גײסטיקע השפעה אַף די נידעריקע פאָלקשיכטן. די אונטערדריקטע ײדישע מאַסן האָבן נישט געהאַט זײער היסטאָריש=צילבאַװוסטע אָנפירונג. דאָס האָט דעריבער שטענדיק לײכט געמאַכט פאַר די הערשנדיקע קלאַסן אומבאַמערקט איבערצונעמען אין זײערע הענט די העגעמאָניע איבער אָט די סאָציאַל=אָפּאָזיציאָנעלע באַװעגונגען און זײ בהדרגהדיק אַװעקשטעלן אונטער זײער קלאַסן=ממשלה.

כמעט אַלע ביזיצטיקע סאָציאַל=אָפּאָזיציאָנעלע באַװעגונגען פון די ײדישע פאָלקמאַסן האָבן זיך אָפּגעשפּילט אונטערן משיח=סימבאָל. און אָט דער סימבאָל איז אָנגעזאַפּט מיט פּסיכאָ=אידעאָלאָגישע אינהאַלטן, װאָס זײנען כאַראַקטעריסטיש גראָד פאַר די מאַכט=האָבנדיקע קלאַסן. משיח — אין זײן **כיליאַסטישער**, קאַבאַליסטישער און חסידישער פאָרמאַציע איז אינם לעצטן סך=הכל די סאָציאַלע פּראָיעקציע פונם מעטאַפיזישן גאָט, דעם באַשיצער פון די הערשנדיקע קלאַסן. און אויב דער משיח=פּסיכאָז איז אָנ=

געפּילט מיט באַציאַל־מרידהשע מאָמענטן, איז ער דאָך אָביעקטיוו געווען די גײַסטיקע צוואַנג־העמד פאַר די אונטערדריקטע. דערײַבער פּלעגן די בּויזצשיקע משיח־באַוועגונגען סאָציאַל און פּאָליטיש רעגענערירט און אָפּגענייגט ווערן אַף רעליגיעז־נאַציאָנאַליסטישע דרכים. דאָס פּלעגט שטענדיק סוף־כּל־סוף מיטהעלפן דער געזעלשאַפטלעכער פאַרשקלאַפונג פון די ברייטסטע פאָלק־מאַסן. מען האָט געלעבט נאָך פרייהייט און מען האָט פאַרט געדינט דעם גאָט פון די באַהערשער. דאָס איז געווען די טיפע אינעווייניקסטע סתירה פון וועלן און ניט קאָנען, פון רעבעלישן אינהאַלט און טראַדיציאָנעל־פאַרשקלאַפנדיקער פאָרם, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט אלע אָפּאָזיציאָנעלע באַוועגונגען פונם סאָציאַל־אמאָרפן יידישן המון.

פאַרשיידן זײַנען די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אַנטוויקלונגס־וועגן פון די רוסישע און יידישע פאָלקמאַסן. נישט קוקנדיק אַף דעם, קאָן מען פאַרצייכענען געוויסע אינעווייניקסטע פּאַראַ־לעלן אין זייער היסטאָרישן גורל. דאָס פילמיליאָניקע רוסישע פויערים־פאָלק האָט זיך זייט יאָרהונדערטן געפונען אונטערן שווערן יאָך פון דער פריציש־גבירישער הערשאַפט. און ווי א רויטער פאָדים ציט זיך דורך דער געשיכטע פונם רוסישן האָרעפּאַשנעם פאָלק די שטענדיקע מרידה קעגן דער פריצים־ממשלה — דער פּערמאַנענטער פויערים־בונט, וואָס טראָגט זיך זייט דורות איבער די ברייטע רוסישע סטעפּן, פון דרום ביז צפון און פון מזרח ביז מערב. און אויך דאָ האָט די שטורמישע פרייהייט־באַוועגונג ניט געפונען איר אויסגעהאלטענע, היסטאָריש־ציל־באַוואוסטע אָנפירונג. אין זײַנע ערשטע אויסברוכן פלעגט זיך דער פויערים־בונט טראָגן ווי אן אכזריותדיקער שטורעם־ווינט, אָן רחמנות אָפּראַמענדיק פון זיין וועג אַלע מניעות. נישט האָבנדיק אָבער קיין אייגענע קלאָרע סאָציאַל־פּאָליטישע פּראָגראַם, האָט די פויערים־מאַסע כמעט שטענדיק זיך געמוזט באַגנוגן אין איר קאַמף מיט פּאָליטישע סימבאָלן, וואָס זײַנען דירעקט איבערגענומען געוואָרן פון איר קלאַסן־שונא. די ראָל פונם יידישן משיח האָט אינם רוסישן פויערים־בונט געשפּילט דער פּסײדאָ־מלך (סאַמאָזוואַנעץ)—

**די פּויערישע פּראָיעקציע פונם פּריצישן צאַר.** די סאָציאַלע פאַרשקלאַפונג פון די רוסישע פויערים-מאַסן איז געווען אַזוי טיף, אַז אַפילו זייער פרייהייט-קאַמף זיינען זיי געווען געצוווּנגען צו פירן אונטער אַ סימבאָל, וואָס איז אינגאַנצן איבערגענומען געוואָרן פונם פּריצישן אַרסענאַל. דאָס טרעט אַרויס באַזונדערש בולט אין דער „מ ה ו מ ה - צ יי ט" (смутное время) אין אָנהויב פון 18-טן יאָרהונדערט מיט אירע פּסיידאָ-קייסאָרים, ציט זיך דורכן **ב ו נ ט** פון סטענקאַ ראַזין ביזן אויפשטאַנד פון פּוגאַטשאָוו. קינדיש-נאַיוו דריקט דאָס אויס דער פאָלק-שפּרוך פון פּוגאַטשאָווס ממשלה-צייט «мы из грязи сделаем князя» („פון בלאָטע וועלן מיר מאַכן דעם פירשט"). דאָס דריקט אויס די איינוויניקסטע שוואַכקייט פונם פויערים-בונט און אין דעם ליגט די סיבה פון זיין אומפאַרמיידלעכער מפּלה. דער „פּסיידאָ-מלך" פלעגט באַהערשן די בונטאַרישע סטיכיע און פלעגט גלייך נאָכדעם אָפּטרעטן דעם טראָן דעם אמתן מלך, דעם טרעגער פון דער פּריציש-באָיאַרישער הערשאַפט.

איין און די זעלביקע היסטאָרישע טרייבקראַפט — די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד אין דער צווייטער העלפט פונם 19-טן יאָרהונדערט — האָט אַרויסגערופן די ראַדיקאַלע סאָציאַל-עקאָנאָמישע דיפערענצירונג סיי פון די רוסישע, סיי פון די יידישע פאָלק-מאַסן. פון איין זייט, איז אינם לאַנד, ווי אַף הויוון אויסגעוואַקסן אַ מעכטיקע גרויסבורזשואַזיע — פינאַנסיעלע, אינדוסטריעלע און סוחרישע — צווישן וועלכער דער יידישער עלעמענט האָט לויט זיין איכות געשפּילט אַסך אַ וויכטיקערע ראָל אין פאַרגלייך מיט זיין כמות צווישן דער אָרטיקער באַפעלקערונג. פון דער אַנדער זייט, האָט זיך אַף דער געשיכטלעכער אַרענע באַוויזן אַ נייער מעכטיקער כח — דער **ר ו ס ל ע נ ד י ש ע ר  אַ ר ב ע ט ע ר ק ל אַ ס**, אין וועלכן דער יידישער אַרבעטער-עלעמענט האָט צוליב אַ ריי עקאָנאָמישע און היסטאָרישע סיבות געבילדעט, לויט זיין כמות אַ פאַרהעלטניסמעסיק קליינעם טייל.

דער רוסישער אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך רע-

קרוטירט דאָס רוב פון די ברייטע פאָלק=מאַסן מיט זייערע האָ=
רעפּאַשנע לעבנגעווױנהייטן. דעם רעזערוואַר פון דעם יידישן אַר=
בעטערקלאַס האָט געבילדעט די שטעטישע און קליינשטעטלדיקע
אָרימקייט מיט אירע סוחריש=מעקלערישע טראַדיציעס. אָף דעם
באָדן איז אויסגעוואַקסן דער ב ע ל = מ ל א כ ה ש ע ר און ק ל יי נ=
א י נ ד ו ס ט ר י ע ל ע ר יידישער אַרבעטערקלאַס, וואָס האָט פאַר=
נומען די פעריפערישע פּאָזיציעס אינם סאָציאַל=עקאָנאָמישן בנין
פונם לאַנד.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָבן דער רוסישער און דער יידישער
פּראָלעטאַריאַט אָנגעהויבן זייער היסטאָרישן וועג אין פאַרשיידענע
סאָציאַל=פּאָליטישע סביבות. דער רוסישער אַרבעטער האָט אין זיין
סאָציאַלן קאַמף שוין אינאָנהויב אָן זיך געקאָנט רעכענען מיט
דער אונטערשטיצונג מצד מיליאָנען פון אַרבעטנדיקע פּויערים,—
בעת אָף די פים פונם יידישן אַרבעטער איז פון זיינע ערשטע
טריט אָן געהאַנגען ווי אַ שווערע היסטאָרישע לאַסט אַ מיליאָניקע
פאַרמיטלערישע קליינבירגערלעכע מאַכע, וואָס האָט דירעקט אָדער
אומדירעקט מיטבאַשטימט זיין פּאָליטישן אַנטוויקלונג=וועג.

איז אָבער דער יידישער פּראָלעטאַריאַט פאָרט געווען אַ
באַשטאַנדטייל פונם גאַנצן רוסלענדישן אַרבעטערקלאַס, אין וועמעס הענט
די געשיכטע האָט איבערגעגעבן צום סוף פון 19=טן און
באַזונדערש צום אָנהויב 20=טן יאָרהונדערט, די העגעמאָניע אינם
לאַנד. און אויב צוליב קאָנקרעטע היסטאָרישע סיבות וויזט ארויס
די יידישע אַרבעטער=באַוועגונג מער נאַציאָנאַליסטישע און קליינ=
בירגערלעכע פשרה=נטיעות, האָט דער רעוואָלוציאָנערער גרונט=
שטראָם פון דער רוסישער אַרבעטער=באַוועגונג סוף=כל=סוף אַריינ=
געצויגן אין זיך אויך די יידישע אַרבעטערשאַפט.

אינם רוסישן פּראָלעטאַריאַט האָט דער פּערמאַנענטער פּוי=
ערים=בונט געפונען זיין צילבאַוווסטע היסטאָרישע אָנפירערשאַפט,
וואָס האָט אים אַרויסגעפירט אַפן ברייטן שליאַך פון רעאַלער
„ע ר ד א ו ן פ ר יי ה יי ט". און אין דער אייגענער צייט האָט
דער ברייטער יידישער המון מיט זיינע אוראַלטע סאָציאַל=אָפּאָזי=
ציאָנעלע שטימונגען געפונען אינם יידישן אַרבעטערקלאַס זיין

„נייעם משיח", דעם צילבאוווסטן אָנפירער אין קאַמף פאַר דער סאָציאַל=פּאָליטישער באַפרייונג פון אַלע אַרבעטנדיקע און עקס=פּלואַטירטע. אין „משיח" איז גלייכצייטיק אויפגעשטאַנען סיי פאַרן רוסישן, סיי פאַרן יידישן מאַסן=מענטש. אין רעוואָלוציאָנערער גע=נעראַל=שטאַב איז היסטאָריש אַרויסגערוקט געוואָרן פאַר דער אָנ=פירונג פון די סאָציאַל=אָפּאָזיציאָנעלע באַשטרעבונגען צווישן ביידע פעלקער. די וועגן פון דער רוסישער און יידישער געשיכטע זיינען זיך דאָ צונויפגעקומען, זיך איינג פאַרקניפּט און צונויפגעגאָסן אין איין ברייטן שטראָם, וואָס פירט צו דער פּראָדוקטיווירונג פון די דעקלאַסירטע מאַסן אין שטאָט און דאָרף און צו דער סאָציאַלער באַפרייונג פון אַלע אונטערדריקטע. אַ זעקסטן טייל פונם ערד=קויל האָט פאַרכאַפּט דער מעכטיקער שטראָם פון דער רוסלענ=דישער רעוואָלוציע. און אין אָט דעם ברייטן שטראָם האָבן זיך אויך אריינגעגאָסן די כוואַליעס פון די סאָציאַל=אָפּאָזיציאָנעלע שטרעבונגען פונם האָרעפּאַשנעם יידישן המון.

דאָ געפינט זיין היסטאָרישע פאַרענדיקונג דער אַנטוויקלונגס=וועג פון די יידישע מאַסן—פון פאַרמיטלעריי, פון פויפעריזם צו פּראָדוקטיוו=שאַפנדיקער אַרבעט, פון קאַפּיטאַליזם צום סאָציאַליזם.

.II

# עקאנאמישע גלידערונג פון די יידן אין רוסלאנד צום סוף פון 19־טן יארהונדערט.

דער צאָליקער באשטאנד פון די יידן אין רוסלאנד צום סוף פון 19טן יארהונדערט / אינדוסטריע / לאנדווירטשאפט / טראנספארט / «פערזענלעכע ארבעט» (פיזישע און גייסטיקע) / האנדל און פארמיטלעריי / אומבאשטימטע פראפעסיע / אלגעמיינער איבערבליק.

## דער צאָליקער באשטאַנד פון יידן אין רוסלאנד צום סוף פון 19-טן יארהונדערט.

אין משך פון 19=טן יאָרהונדערט איז פאָרגעקומען דער אינטענסיווסטער וווקס פון יידישן פאָלק. פון אַן ערך $3^{1/4}$ מיליאָן אין יאָר 1825, איז די צאָל יידן צום סוף פון 19=טן יאָרהונדערט אויסגעוואַקסן ביז העכער 10 ½ מיליאָן, ווי דאָס באַווייזט די פאָלגנדיקע טאַבעלע:

### אלגעמיינע צאל יידן.

| י אָ ר | באַפעלקערונג | דורכשניטלע־כער צוּווּקס |
|---|---|---|
| 1825 | 3.281.000 | 1,81 % |
| 1850 | 4.764.500 | 2,03 % |
| 1880 | 7.663.000 | 1,92 % |
| 1900 | 10.602.000 | 0,58 % |

אין משך פון אַט דער צייט, פאַרנעמט דער טייל פונם יידישן פאָלק, וואָס לעבט אין רוסלאַנד, אַלץ מער. דעם צענט־ראַלן אָנפירנדיקן אָרט הן אין כמות, הן אין איכות. וועגן וווּקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד גיבן אַ בילד די פאָלגנדיקע ציפערן:

| יאָר | באַפעלקע־רונג |
|---|---|
| 1825 | 1.600.000 |
| 1850 | 2.350.000 |
| 1880 | 3.980.000 |
| 1900 | 5.175.000 |
| 1925 | 5.285.000 |

אַ העלפט פון דער אַלגעמיינער צאָל יידן לעבט אין רוס־לאַנד. אין דער צייט אָבער, וואָס דער גרעסטער טייל פון די נישט־רוסישע יידן פילט אויס, קודם־כל סאָציאַל־פאַרמיטלערישע פונקציעס, אַנטוויקלט זיך די יידישע באַפעלקערונג אין רוסלאַנד אין אַ סאָציאַל־דיפערענצירטן פאָלק, אין וועלכן די פּראָדוקטיווע עלעמענטן הייבן אָן שפּילן אַ באַדייטנדיקערע ראָל. און טאַקע, צוליב אָט דעם וווּקס פון די פּראָדוקטיווע כּוחות פון די רוס־לענדישע יידישע מאַסן, פאַרנעמען זיי אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, וואָס ווייטער, אַלץ מער אַן אָנפירנדיקע ראָל לגבי אַלע אַנדערע יידישע קיבוצים. הן פּאָליטיש הן גייסטיק, ווערט רוסלאַנד דאָס יידישע מוטערלאַנד, וואָס גיט דעם טאָן דער אַנטוויקלונג פון די יידישע פאָלקמאַסן בכלל. אפן וועג פון עמיגראַציע שאַפט אָט דאָס מוטערלאַנד צום סוף פון 19־טן יאָרהונדערט אַ באַדייטנדיקע צאָל קאָלאָניעס, און די באַ־דייטנדיקסטע צווישן זיי, איז דער אַמעריקאַנער יידישער ישוב.

## אינדוסטריע.

אין אָנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט ווערט די עקאָנאָמישע

סטרוקטור פון די מזרח־יידן כאַראַקטעריזירט דורך פאָלגנדיקע הויפּט־שטריכן: די גרויסע מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז באַשעפטיקט אין כלערליי סוחריש־פאַרמיטלערישע צווייגן און נאָר אַ מינדערהייט פאַרנעמט זיך מיט פּראָדוקטיווער אַרבעט.

צום סוף פון 19־טן יאָרהונדערט האָט זיך די עקאָנאָמישע סטרוקטור פון די רוסישע יידן ראַדיקאַל געענדערט. די אַנטוויקלונג פון דעם רוסלענדישן קאַפּיטאַליזם האָט אַרויסגערופן אַ וווּקס פון די פּראָדוקטיווע כוחות אויך צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. באַדייטנדיקע טיילן אירע זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין נייע עקאָנאָמישע צווייגן, דער עיקר אין אינדוסטריע און צום טייל אין לאַנדווירטשאַפט.

די באַטייליקונג פון די יידן אין אינדוסטריע ווערט באַשטימט קודם־כל דורכדעם, וואָס אַף איר ליגט דער שטעמפּל פון זייערע ביזיצטיקע סוחריש־פאַרמיטלערישע און צום טייל בעל־מלאכהשע פונקציעס. פאַר דעם יידישן מסחר איז שטענדיק געווען כאַראַקטעריסטיש דער גיכער אומזאַץ, פאַר די יידישע אינדוסטריע־צווייגן איז אויך כאַראַקטעריסטיש, וואָס זייער אומזאַץ־קאַפּיטאַל איז באַדייטנדיק גרעסער, ווי דער גרונט־קאַפּיטאַל. אין דער ערשטער ריי האַנדלט זיך דאָ וועגן דער פּראָדוקציע פון פאַרברויך־מיטלען, ווי: דערנערונגס־מיטלען, קליידער־ און שוכוואַרג, ד. ה. די אויסאַרבעטונג פון פּראָדוקטן, וואָס זיינען נויטווענדיק צו באַפרידיקן די אוממיטלבאַרסטע מענשלעכע באַדערפעניש. לויט דער קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל און אַרבעטס־כח טראָגט דידאָזיקע אינדוסטריע דעם כאַראַקטער פון קליין־אינדוסטריע, אין בעסטן פאַל פון מיטל־אינדוסטריע.

דער צווייטער, העכערער פּראָדוקציע־קרייז איז די אויסאַרבעטונג פון מ אַ ט ע ר י אַ ל ן און פּ ר אָ ד ו ק ט ן, וואָס זיינען נויטווענדיק פאַר דער אויבנדערמאָנטער פאַרברויך־אינדוסטריע. אויך אין דעם אינדוסטריע־קרייז איז דער אָנטייל פון די יידן אין רוסלאַנד געווען על פּי ערך באַדייטנדיק. דער אומזאַץ־קאַפּיטאַל איז אויך דאָ אַסך גרעסער פאַרן גרונט־קאַפּיטאַל. דערדאָזיקער אינדוסטריע־קרייז נעמט אַרום די טעקס־

טיל־אינדוסטריע, לעדער־אויסאַרבעטונג, בער׳שטעריי, מילן, זעג־מילן, אין דיזאַקיע צווייגן איז דער אַנטייל פון דעם יידישן קאַפּיטאַל און אָרגאַניזיר־פונקציעס פיל באַדייטנדיקער, ווי דער אַנטייל אין זיי פון דעם יידישן אַרבעטער־כּח. אין אָט די יידישע אינדוסטריעס ווערן באַשעפטיקט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס אויך נישט יידישע אַרבעטער. אַף וויפיל יידן זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער גרויס־אינדוסטריע, באַטייליקן זיי זיך דאָ, דער עיקר אַלס אונטערנעמער. צו אָט דער גרויס־אינדוסטריע געהערן די צוקער־, גאָלד־אינדוסטריע, טעקסטיל־אינדוסטריע א. ד. ג. אין דיזאַקע אינדוסטריע־צווייגן זיינען יידישע אַרבעטער כּמעט נישט פאַראַן. זיך רעכענדיק פון די ענד־סטאַדיען פון דער פּראָדוקציע צו דער שייער־אינדוסטריע און אור־פּראָדוקציע, מוזן מיר קאָנסטאַטירן, אַז אין די לעצטע נעמען די יידן גאָר קיין אַנטייל נישט, נישט מיט קאַפּיטאַל און ניט מיט אַרבעט. און וואָס קלענער די אינדוסטריע איז, און וואָס נענטער זי איז צום האַנטווערק, אַלץ גרעסער איז אין איר דער אַנטייל פון יידישן קאַפּיטאַל און אַרבעט. וואָס ווייטער אַ געוויסער אינדוסטריע־צווייג איז פון דער מאַנופעלער (האַנט־)פּראָדוקציע און וואָס גרעסערע קאַפּיטאַלן עס זיינען אין אים קאָנצענטרירט, אַלץ קלענער ווערט אין אים דער אַנטייל פון יידן, באַזונדערש פון דער יידישער אַרבעט.

די אַלגעמיינע צאָל יידן, וואָס זיינען באַטייליקט אין דער אינדוסטריע און מלאכה מאַכט אויס 518,075 אָדער 35,43% פון דער עקאָנאָמיש־טעטיקער יידישער באַפעלקערונג.

## לאַנדווירטשאַפט.

אין דער תקופה באַווייזן זיך בא דער יידישער באַפעלקערונג צום ערשטן מאָל נאָך לאַנגע יאָרהונדערטן, יידישע ל אַ נ ד־ווירטשאַפטלעכע עלעמענטן. אמת, אויך פאַר דער תקופה זיינען געווען נישט־באַדייטנדיקע איינצלנע גרופּן, וואָס האָבן געלעבט אַרום ערד. ערשט אין משך פון 19־טן יאָרהונדערט בילדעט זיך אויס אַ באַדייטנדיקער שיכט יידן, וואָס לעבט פון

לאנדווירטשאַפט אַלס ספּעציעלן באַרוף, דער וועג פונם ייִדישן מאַסנמענטש צו דער ערד איז געווען פול מיט אינעווייניקסטע און אויסווייניקסטע מניעות. אין אָנהויב — דאָס פאַרטרייבן פון די דערפער, דערנאָך די אַדמיניסטראַטיווע באַזעצונג אין די קאָ־לאָניעס, און לסוף ווייטער אַ פאַרבאָט פון לאַנדווירטשאַפטלעכער באַשעפטיקונג פאַר ייִדן; אָנצאָליקע רעכטלעכע באַגרענצונגען און די שטעטלדיקע טראַדיציעס פון דעם ייִדישן לעבן,—דאָס אַלץ האָט געשטערט דער באַהעפטונג פון די ייִדן מיט ערד־אַרבעט. לויט דעם גרונט־כאַראַקטער פון דער לאַנדווירטשאַפט זיינען די ייִדן באַטייליקט אין איר, דער עיקר, דורך זייער אומומיטלבארער פיזישער אַרבעט.

די צאָל ייִדן־איינגנטימער פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַיאָנט־קעס איז געווען נישט־באַדייטנדיק און איז געשטאַנען אין נאָ־ענטן שייכות צו זייער וואַלד־מסחר. נישט קוקנדיק אַף אַלע נישט־גינסטיקע באַדינגונגען, איז די צאָל לאַנדווירטשאַפטלעך־באַ־שעפטיקטע פאַמעלעך, אָבער שטענדיק געוואַקסן. אַזוי ווייזן אויף די אָפיציעלע דאַטן פון דער פאָלק־ציילונג פון 1897 אַ סכום פון 35.822, וואָס זיינען באַשעפטיקט אין דער לאַנדווירטשאַפט אָדער 3,53% פון דער עקאָנאָמיש־טעטיקער ייִדישער באַפעלקערונג.

אסך ברייטער און נענטער צו דער ווירקלעכקייט ווערט אויפגעפאַסט דער באַגריף וועגן לאַנדווירטשאַפטלעך־טעטיקע ייִדן, דורך די עקאָנאָמישע אויספאָרשונג, וואָס איז אונטערנומען גע־וואָרן פון דער „איקא“ אין די יאָרן 1898—1899*) לויט אָט דער אויספאָרשונג האָבן זיך די ייִדן פאַרנומען:

| | |
|---|---|
| מיט ערד־אַרבעט אין די קאָלאָניעס | 51.539 |
| ספּעציעלע אָפּצווייגן פון לאַנדווירטשאַפט | 64.568 |
| ערד־באַזיץ און אַרענדע | 19.930 |
| פעלדאַרבעט | 12.901 |

לויט דיזאַזיקע דאַטן פון דער „איקא“־אויספאָרשונג באַ־

*) „Сборник материалов об экономическом положении евреев в России“ ЕКО.

טרעפט די צאָל לאַנדווירטשאַפטלער־סטאַטיסטיקע יידן (אין ברייטערן זין פון וואָרט) העכער 10% פון דער עקאָנאָמיש־טעטיקער יידישער באַפעלקערונג.

אײנגאַנצן זײנען געווען אין יאָר 1898—296 יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס מיט 10.550 פאַמיליעס אָדער 63,342 נפשות, וואָס האָבן פאַרנומען אַן ערד־שטח פון 99.696 דעסיאַטין.

וועגן דער פאַרטײלונג פון די יידן־ערדאַרבעטער אין די קאָלאָניעס, לויט די אײנצעלנע ראַיאָנען, גיט אַ בילד די פאָלגנדיקע טאַבעלע:

## די יידישע ערד-אַרבעט לויט אײנצעלנע ראַיאָנען.

| גובערניעס | צאָל פאַמיליעס. | צאָל נפשות |
|---|---|---|
| צפון און דרום־מערבדיקע . . . . | 2.841 | 17.568 |
| כערסאָנער און יעקאַטערינאָסלאַווער | 3.982 | 23.520 |
| בעסאַראַבער . . . . . . . . | 674 | 3.301 |
| פריווײסלאַנער . . . . . . . | 1.430 | 7.150 |
| סך־הכל | 8.927 | 51.539 |

וועגן דער באַשעפטיקונג פון די יידן מיט אײנצעלנע" ספעציעלע צווייגן פון דער לאַנדווירטשאַפט, ברענגט די איקא"אויספאָרשונג פאָלגנדיקע דאַטן:

| | |
|---|---|
| גערטנערײ און גרינס־גערטנערײ . . . . . | 11.299 |
| מילך־ווירטשאַפט און פאַכט . . . . . | 7.454 |
| טאַבאַק־קולטור . . . . . . . . . | 1.695 |
| ווײן־גערטנערײ און ווײן־פראָדוקציע . . . | 780 |
| בינען־צוכט . . . . . . . . . . | 200 |
| פאַרשײדענע ספעציעלע קולטורן . . . . | 93 |
| סך־הכל . . | 21.521 |

## טראַנספּאָרט.

כאַראַקטעריזירנדיק דעם אָנטייל פון יידן אין טראַנספּאָרט, קען מען קאָנסטאַטירן אַ געוויסע אַנאַלאָגיע מיט זייער ראָל אין דער אינדוסטריע פונם לאַנד. די גרעסטע צאָל יידן, וואָס זיינען באַשעפטיקט אין טראַנספּאָרט באַדינען די אָרטיקע — אין איינגן זין פון וואָרט — שטעטלדיקע און צווישנשטעטלדיקע קאָמוניקאַציע. דאָס איז דער קליין־טראַנספּאָרט מיט די פּרימיטיווסטע פאַרקער־מיטלען. דאָס זיינען כל־מיני באַלעגאָלעס, וואָס באַדינען דעם פּאַסאַזשירן־ און פראַכט־טראַנספּאָרט.

אַ גרויסע צאָל יידישע אַרבעטער איז באַשעפטיקט אינם טראַנספּאָרט אַלס טרעגער, האַפנאַרבעטער א. א. וו. אין דער גרופּע זיינען די יידן באַטייליקט כמעט אויסשליסלעך מיט זייער פיזישער אַרבעט.

אין דעם מיטעלן טראַנספּאָרט, וואָס באַדינט דעם לאָקאַלן און פּראָווינציעלן פאַרקער, איז די צאָל יידן, על פי ערך, באַדייטנדיקער. צו דער קאַטעגאָריע געהערן די עקספּעדיטאָרס, שיף־אַגענטן, ארענדאַטאָרס פון דיליזשאַנסן, אָמניבוסן, פּאַראָמען, דאַמפּערס. אויך דער גרעסערער וואַסער־טראַנספּאָרט געפינט זיך אין תחום־המושב, דאָס רוב אין יידישע הענט. אין דעם צווייג פון דעם טראַנספּאָרט נעמען די יידן אַן אָנטייל, סיי מיט זייערע קאַפּיטאַלן און אָרגאַניזאַציע, סיי מיט זייער אַרבעט־כח, ווי אָנגעשטעלטע, פּליטניקעס, יאַקאָרשטשיקעס א. א. וו.

וואָס שייך דעם גראויסן טראַנספּאָרט, וואָס באדינט דעם פאַרקער אינם מלוכה־מאַסשטאַב, באַגרענעצט זיך דאָ דער אָנטייל פון די יידן, כמעט אויסשליסלעך, מיט זייער קאַפּיטאַל. אין אָט דעם טראַנספּאָרט־צווייג, וואָס נעמט אַרום די אייזנבאַנען־, שיף־פאַרקער, טראַמווייען, געהערט צו יידן אַ געוויסער טייל פונם אַנאָנימען אַקציאָנערן־קאַפּיטאַל, וואָס איז אינוועסטירט אין די־דאָזיקע אונטערנעמונגען. יידישער אַרבעט־כח געפינט אין די־דאָזיקע צווייגן כמעט גאָר קיין אָנווענדונג נישט.

אינגאַנצן זיינען צום יאָר 1897 געווען באשעפטיקט אינם

טראַנספּאָרט 44.279 יידן אָדער 3,98 פּראָצ. פון דער עקאָנאָמיש־טעטיקער יידישער באַפעלקערונג.

## פּערזענלעכע אַרבעט (פיזישע און גייסטיקע).

מחוץ פון די ביז־איצט כאַראַקטעריזירטע עקאָנאָמישע געביטן, בלייבט אַ גרופּע פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס דער מקור פון איר עקסיסטענץ איז די פּערזענלעכע, פיזישע אָדער גייסטיקע אַרבעט און וואָס איז נישט דירעקט איינגעשלאָסן אין קיין איינעם פון די אויבנדערמאָנטע עקאָנאָמישע צווייגן — אינדוסטריע, לאַנדווירטשאַפט, טראַנספּאָרט. אָט די גרופּע נעמט אַרום פאַרשיידנאַרטיקסטע עלעמענטן, וואָס באַדינען אַלערליי מענשלעכע באַדערפעענישן, אָנהויבנדיק פון די עלעמענטאַרסטע פיזישע און ענדיקנדיק מיט די ראַפינירטסטע גייסטיק־קולטורעלע. פון די אַרבעטנדיקע, וואָס זיינען פאַרנומען אין די איבעריקע עקאָנאָמישע געביטן, טיילט זיך אויס די ראָזיקע קאַטעגאָריע דורכדעם, וואָס די מכשירים פון דער אַרבעט, שפּילן דאָ אַ נישט צו פאַרגלייכן קלענערע ראָל, ווי די פּערזענלעכע, פיזישע אָדער גייסטיקע באַטייליקונג פונם אַרבעטנדיקן גופא. דער פאַרנעם פון אָט דער קאַטעגאָריע איז דעריבער זייער אַ ברייטער. אהער געהערן שוואַרצאַרבעטער און טאָג־לוינער, וואָס לעבן פון צופעליקן אַרבעט־לוין אין די פאַרשיידנסטע עקאָנאָמישע געביטן, הויזדינער און דינסטן, וואָס פאַרזאָרגן די לעבן־באַדערפעענישן פון יחיד און דער פאַמיליע, נידעריקע אָנגעשטעלטע אין פּריוואַטע געזעלשאַפטלעכע און מלוכהשע אַנשטאַלטן. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער האַנדל־, אינדוסטריע־ און פינאַנס־בורזשואַזיע אין אָט דער תקופה, איז די צאָל פון יידישע אָנגעשטעלטע, וואָס זיינען אוממיטלבאַר־באַשעפטיקט אינם באַפרידיקן די באַדערפעענישן פון אָט דער עקאָנאָמישער גרופּע, אין משך פון 19־טן יאָרהונדערט, באַדייטנדיק אויסגעוואַקסן.

לויט דער פאָלקציילונג פון 1897 דערגרייכט די צאָל פון די נידעריקע אָנגעשטעלטע און באַשעפטיקטע מיט פּערזענלעכער אַרבעט פון אָט דער קאַטעגאָריע — 169.458 אָדער

6,61 פּראָצ. פון דער עקאָנאָמיש=טעטיקער יידישער באַפּעלקערונג.

צו דער מיטעלער גרופּע פון אָט דער עקאָנאָמישער קאַטעגאָריע געהערן די בעסער=באַלוינטע אָנגעשטעלטע פון פּריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, באַאַמטע און מיטעלע באַאַמטע, לערער, געלערנטע; ליטעראַטן און פּרעסע=אַרבעטער, אַקטיאָרן, מאָלער, סקולפּטאָרן, מוזיקאַנטן און אַנדערע מינים קינסטלער. אַהער געהערן אויך די כלי=קודש און די אַזוי גערופענע, ליבעראַלע פּראָפעסיעס: דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ, אַקושאָרקעס, מאַסאַזשיסטקעס, פעלשערס, צאַנדאָקטוירים פאַרמאַצעווטן א. א. וו. אין אָט דער מיטלשיכט, אין איר אינטעלעקטועלער קוואַליפיקאַציע, איז אין אַ געוויסער מאָס פּערזאָניפיצירט דער קאַפּיטאַל=באַזיץ פון דער יידישער בורזשואַזיע. דיזאָזיקע אינטעליגענץ=גרופּע איז דעריבער אין משך פון 19=טן יאָרהונדערט אויך באַדייטנדיק אויסגעוואַקסן.

די העכערע גרופּע פון אָט דער עקאָנאָמישער קאַטעגאָריע בילדן די אויבערשטע אָנגעשטעלטע און באַאַמטע, פּראָפעסאָרן, אַקאַדעמיקער, די אָנפירנדיקע גייסטלעכקייט, די עלעמענטן פון די ליבעראַלע פּראָפעסיעס, וואָס האָבן זיך, אַזוי אָדער אַנדערש, באַהעפט מיט די הערשנדיקע קרייזן פונם עפנטלעכן און מלוכהשן לעבן. אין אָט דער גרופּע האָבן די יידן צוליב אַ ריי היסטאָרישע סיבות גענומען אַן על פּי ערך אומבאַדייטנדיקן אָנטייל.

די צאָל יידן אין אָט דער מיטעלער און העכערער גרופּע האָט לויט דער פאָלק=ציילונג פון 1897 אויסגעמאַכט 67,616 אָדער 5,22 פּראָצ. פון דער עקאָנאָמיש=טעטיקער יידישער באַפּעלקערונג.

## האַנדל און פאַרמיטלעריי.

איינער פון די הויפּט=יסודות, אַף וועלכע עס האָט באַרוט די עקאָנאָמישע עקסיסטענץ פון דער יידישער באַפּעלקערונג אין רוסלאַנד, איז אויך אין דער תקופה פאַרבליבן האַנדל און פאַרמיט=

לעריי. דער סחריש־פּאַרמיטלערישער פּאָדים, וואָס ציט זיך אַלס הויפּט־נערוו פון דער יידישער געשיכטע זייט הונדערטער יאָרן, האָט זיך אין די באַדינגונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג גיך צוגעפּאַסט צו די נייע פאָדערונגען פון דער צייט און האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך, אַזוי אָדער אַנדערש, דירעקט אָדער אומדירעקט, דעם באַדייטנדיקסטן טייל פון דער יידישער באַפעל־קערונג. די גרעסטע מערהייט פון אָט דער עקאָנאָמישער גרופּע איז באַשעפטיקט אינם קליינהאַנדל און אין די פאַרשיידנסטע מינים מעקלעריי און לופט־פּרנסות: גאַסנהענדלער, קאָראָבעלניקעס, קליינקרעמערס, אופקויפערס, מעקלערס, וואַליוטע־הענדלער, אַגענטן, קאָנטראַבאַנדיסטן. דער האַנדל איז דאָ, אין תּוך גענומען, נישט ספּעציאַליזירט און ניט דעטאַלירט. מען האַנדלט מיט אַלץ און אַף אַלערליי אופנים. באַזונדערש אָבער איז פאַרשפּרייט דער קליינהאַנדל מיט עסנוואַרג און גאַלאַנטעריי. אַהער געהערט אויך די באַדייטנדיקע קאַטעגאָריע אָנגעשטעלטע און אַרבעטער, וואָס זיינען פאַרנומען אין אַלע צווייגן און מינים פונם האַנדל.

די גרויסע מערהייט פון אָט דער קליין־פּאַרמיטלערישער גרופּע ראַנגלט זיך אין די שווערע באַדינגונגען פון דעם יידישן תּחום שטענדיק מיט דער נויט. דיזאָזיקע גרופּע לעבט פּאַקטיש אין „פּראָלעטאַראָאידע“ פאַרהעלטענישן, ווייל אַ גרויסער טייל קליינהענדלער דערפילט די פונקציעס פון אַן אויספיר־אָרגאַן אין די הענט פון מיטעלן און העכערן הענדלער לגבי דעם דאָרפישן פּראָדוצענט און דעם שטאָטישן קאָנזומענט.

דעם הויפּטזייל פון דעם יידישן האַנדל בילדעט דער מיטעלער הענדלער. ער פאַרנעמט דעם אויבנאָן אין די שטעט און שטעטלעך. אין זיינע הענט געפינט זיך דער גאַנצער אינער־ווייניקסטער האַנדל, דער עיקר מיט פּראָדוקטן פון לאַנדווירטשאַפט, קאָלאָניאַל־סחורות, מאַנופאַקטור, לעדער, וכדומה. צו דער קאַ־טעגאָריע מוז צוגערעכנט ווערן די צאָלרייכע גרופּע וואָיאַזשאָרן, קאָמיסיאָנערן, פּאָדריאַטשיקעס און די פאַרשיידנאַרטיקסטע אַגענטן, וואָס שאַפן דעם האַנדלנעץ און האַלטן אונטער די האַנדל־באַציונגען פון דעם מיטעלן הענדלער. אין דער קאַטעגאָריע איז

קאָנצענטרירט אַ גרויסער טייל פון דעם ייִדישן האַנדלקאַפּיטאַל, וואָס באַדינט דעם אינעווייניקסטן ייִדישן מאַרק. דאָ מוז אויך דערמאָנט ווערן די גרופּע פון מיטעלע וווכערער און געלט־הענדלער. די פּאַרמיטלערישע גרופּע באַשעפטיקט אויך אַ געוויסע צאָל אָנגעשטעלטע און אַרבעטער.

וואָס שייך דעם ייִדישן גרויסהאַנדל קומט דאָ קודם־כל אין באַטראַכט דער עקספּאָרט און אימפּאָרט. דער גרויסער ייִדישער האַנדלקאַפּיטאַל האָט זיך שטענ־דיק קאָנצענטרירט אָפּן אויסנהאַנדל מיט די נאַטור־רייכקייטן פון לאַנד: ברויט, פלאַקס, וואַלד, בלערליי לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָ־דוקטן, בהמות, פאַרשיידנאַרטיקע רוי־פּראָדוקטן, האַלבפאַבריקאַטן וכדומה. דער האַנדל מיט די אַלע פּראָדוקטן האָט זיך אין רוס־לאַנד געפונען דאָס רוב אין ייִדישע הענט. צו אָט דער גרויס־פאַרמיטלערישער קאַטעגאָריע געהערט אויך די באַדייטנדיקע גרופּע פון ייִדישע באַנקירן און פינאַנסיסטן.

לויט זיינע פונקציעס, דעם כאַראַקטער און אָרט פון זיין טעטיקייט געפינט זיך דער גרויס־סוחר פאַקטיש שוין מחוץ דעם ייִדישן תחום און איז צונויפגעבונדן מיט אים נאָר אַף אַזויפיל, אַף וויפיל דער מיטל־ און קליינהענדלער דערפילט די ראָל פון זיינע אונטעראַגענטן אינם תחום. ייִדישע אָנגעשטעלטע און באַ־זונדערש ייִדישע אַרבעטער געפינען מיר דאָ אין אסך אַ קלע־נערער מאָס, ווי אינם מיטלערן האַנדל.

די טענדענצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג, וואָס גראָבן אונטער דעם ייִדישן האַנדל, באַזונדערש דעם קלענערן און מיטעלן, אַדאַנק דער קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל און דער אַנטוויקלונג פון קאָאָפּעראַציע, האָבן וואָס ווייטער, אַלץ מער גע־שאַפן און פאַרשאַרפט די דיספּראָפּאָרציע צווישן די עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן פונם ייִדישן האַנדל און דער צאָל פון זיינע פיזישע טרעגער. דאָס האָט געמוזט פירן צו אַ מוראדיקער פאַרשטאַר־קונג פון דער קאָנקורענץ הן צווישן די ייִדישע הענדלער גופא, הן צווישן זיי און די ניט־ייִדישע. דערמיט דערקלערט זיך אויך דער פאַקט, וואָס דער ייִדישער סוחר איז געצוווּנגען צו דער־

גאַנצן דעם קלענערן האַנדל־ריווח דורך אַ גיכערן אומזאַץ פון קאַפּיטאַל.

צו דער צייט פון דער פאָלקצײלונג פון 1897־טן יאָר האָט די אַלגעמײנע צאָל ייִדן, באַשעפטיקטע אינם האַנדל, באַטראָפן 450,427 אָדער 38,65% פון דער עקאָנאָמיש־טעטיקער ייִדישער באַפעלקערונג.

## אומבאַשטימטע באַשעפטיקונגען.

אין נאָענטסטער סאָציאַל־עקאָנאָמישער שכנות מיטן סוחרישן טײל, געפינט זיך די גרופּע מיט אומבאַשטימטע באַשעפטיקונגען. די פּאַרמיטלערישע פונקציעס, וואָס די ייִדישע באַפעלקערונג האָט דערפילט אין משך פון הונדערטער יאָרן צווישן די אַרומיקע פעלקער, האָט שטענדיק געטריבן אַ באַדײטנדיקן טײל ייִדן אַרײנצודרינגען אין אַלע פאַכן פון אַרומיקן לעבן, ווו ס'איז נאָר מעגלעך געווען זיך אַרײנצושפאַרן. פון אָט די עלעמענטן האָט זיך רעקרוטירט די באַדײטנדיקע מחנה ייִדישע לופטעקסיסטענצן, מענשן, וואָס לעבן פון האַנט צו מויל, פון טאָג צו טאָג. דאָ געפינען מיר בלעריי „הערמאַפראָדיטן", „טוער" פון דער שוואַרצער בערז, הענדלער מיט לעבעדיקער סחורה, נפשות, „וואָס עסן טעג", אָרימעלײט און שנאָרערס פון אַלע מינים, דעקלאַסירטע עלעמענטן און פאַרברעכער. באַזונדערש באַדײטנדיק איז צווישן זײ די קאַטעגאָריע פון שנאָרערס מכל־המינים. אָט דער באַדײטנדיקער סאָציאַל־עקאָנאָמישער באַלאַסט האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך די אומפאַרמײדלעכע לינקע זײט פון דער סוחריש־פאַרמיטלערישער מטבע. אין 1897־טן יאָר האָט די גרופּע מיט אומבאַשטימטע באַשעפטיקונגען אויסגעמאַכט אין רוסלאַנד 108,414 אָדער 5,49% פון דער דורך דער צײלונג אַרומגענומענער ייִדישער באַפעלקערונג.

לסוף מוז מען אויך דערמאָנען דעם אין אַרמײ מאָביליזירטן טײל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, וואָס איז געצוווּנגען זיך אָפּצוזאָגן פון יעדער פּראָדוקטיווער באַשעפטיקונג. אין 1897־טן יאָר

האָט די צאָל יידן אין דער רוסישער אַרמיי אויסגעמאַכט 34.749 אָדער 1.07%.

אן אַלגעמיינעם איבערבליק וועגן דעם עקאָנאָמישן מצב פון דער רוסלענדישער באַפעלקערונג צום סוף פון 19־טן י״ה גיט די טאַבעלע:

## עקאָנאָמישע סטרוקטור פון דער יידישער באַפעל־קערונג אין רוסלאַנד אין 1897.

| פראָפעסיעס | אבסאָלוטע צאָל | אין פראָצענטן | פראצענט־פארהעלטעניס פון דער צאל יידן צו דעם גאנצן צאל באשעפטיקטע אין געוויס. געביט. |
|---|---|---|---|
| אינדוסטריע . . . | 518.075 | 35,43 | 31,4 |
| לאַנדווירטשאַפט . . | *) 35.822 | 3,55 | 0,6 |
| טראַנספּאָרט . . . | 44.279 | 3,98 | 20,9 |
| שוואַרצאַרבעטער, אָנגע־שטעלטע, פרייע פראָפעס. | 237.069 | 11,83 | 33,8 |
| האַנדל . . . . . | 450.427 | 38,65 | 72,8 |
| אומבאַשטימטע . . | 108.414 | 5,49 | 19,3 |
| אַרמיי . . . . . | 34.749 | 1,07 | 5,7 |
| סך־הכל עקאנאָמיש־טעטיקע . . . . | 1.428.835 | — | 12,7 |

נעמען מיר אין אַכט, אַז צום אָנהויב פונם 19־טן יאָר־הונדערט האָט דער אומפּראָדוקטיווער טייל פון דער יידישער באַ־פעלקערונג אויסגעמאַכט ניט ווייניקער פון $^2/_3$, קומען מיר צום אויס־פיר, אַז אין משך פון 19־טן יאָרהונדערט האָבן די יידן אין

*) לויט די דאטן פון «אַיקאָ» — 148.934, אין ערך 10%.

רוסלאַנד דורכגעמאַכט אַ באַדייטנדיקע עוואָלוציע אין דער ריכטונג פון פראָדוקטיווירונג.

אַפן סמך פון די אויבנגעבראַכטע דאַטן, קאָן מען אָננעמען, אַז אין ערך א העלפט פון דער עקאָנאָמיש-טעטיקער יידישער באַפעלקערונג איז געווען באַשעפטיקט אין די פראָדוקטיווע ווירטשאַפט-געביטן.

די געבראַכטע דאַטן גיבן אויך א געוויסע פאָרשטעלונג וועגן דעם אָרט, וואָס די יידישע באַפעלקערונג האָט פאַרנומען אין דער אַלגעמיינער עקאָנאָמיק פונם לאַנד. אויב דער אָנטייל פון די יידן אין דער אַרמיי (5,7 %) אַנטשפּרעכט אין אַלגעמיין זייער פּראָצענטועלן אָנטייל אין דער באַפעלקערונג, קאָן מען דאָס זעגן אָנטייל פון די יידן אין איינצעלנע צווייגן פונם עקאָנאָמישן לעבן פונם לאַנד לגבי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג פונם לאַנד, אין קיין פרט נישט באַהויפּטן. עס וואַרפן זיך דאָ אין די אויגן 2 עקסטרעמען: פון איין זייט, דער מינימאַלסטער אָנטייל פון די יידן אין דער לאַנדווירטשאַפט לגבי דער, אַלגעמיינער באַפעלקערונג (0,6 %), און פון דער אַנדער זייט דער אומגעהויער גרויסער פּראָצענט (72 %) יידן-הענדלער, לגבי דער אַלגעמיינער האַנדל-באַפעלקערונג פונם לאַנד. אָבער נישט נאָר אין דעם האַנדל, ווו די יידן דערגרייכן כמעט דריי-פערטל פונם רוסלענדישן האַנדלקלאַס, נאָר אויך אַף די אַנדערע עקאָנאָמישע געביטן, אחוץ, פאַרשטייט זיך, לאַנדווירטשאַפט, איז די ראָל פון די יידן אסך באַדייטנדיקער, ווי זייער פּראָצענטועלע פאַרהעלטעניש צו דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. זיי בילדן כמעט א דריטל אין דער גרויסער אינדוסטריע (31,4 %) און אין דער גרופּע שווארצארבעטער, אָנגעשטעלטע, פרייע פּראָפעסיעס (33,8 %) און מער ווי א פינפטל אין דעם אַלגעמיינעם טראַנספּאָרט פונם לאַנד (20,9 %). פון דער אַנדער זייט אָבער בילדן די יידן צווישן דער באַפעלקערונג מיט אומבאַשטימטער באַשעפטיקונג אויך אסך א גרעסערן טייל (19,3 %), איידער זייער פּראָצענטועלע פאַרהעלטעניש צו דער באַפעלקערונג, וואָס מוז צוזאַמען מיט דעם נישטיקן פּראָצענט יידן-ערדארבעטער בלי

ספק צוגערעכנט ווערן צו די באַדײַטנדיקסטע מינוסן פון דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון די רוסלענדישע ייִדן אין דער באַהאַנדלטער תקופה. אין אַלגעמײן, זאָגן אָבער די דאַטן עדות וועגן אַ באַדײַטנדיקערע עקאָנאָמישע ריִרעוודיקײַט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין דער שטאָטישער ווירטשאַפט. און דאָ דאַרף מען זוכן איינע פון די סיבות פון דער מער פאַרצווייגטער סאָציאַלער דיפערענצירונג בײַ דער ייִדישער באַפעלקערונג און פון איר אינטענסיווערן אָנטייל אין פּאָליטישן לעבן פונם לאַנד.

## III.

# סאָציאַלע סטרוקטור פון דער ייִדישער באַפעלקערונג צום אָנהייב פון 20־טן יאָרהונדערט.

סאָציאַלע דיפערענציאַציע / גרויסבורזשואַזיע / מיטלבורזשואַזיע / קליינבירגערטום / לומפּנפּראָלעטאַריאַט / אַרבעטערקלאַס.

### סאָציאַלע דיפערענצירונג.

די סאָציאַלע אָפּגעזונדערטקייט האָט אויסגעטײַלט די ייִדן אין משך פון די לעצטע יאָרהונדערטער פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג, פּונקט אַף אַזאַ אופן, ווי די געטאָ־מויערן האָבן אָפּגעזונדערט די מיטלאַלטערלעכע ייִדן פון דער אַרומיקער וועלט. די ייִדן זײַנען געווען פאַרמיטלער, קלענערע אָדער גרעסערע, רײַכערע אָדער אָרימערע — צווישן פּראָדוצירער און פאַרברויכער, צווישן דאָרף און שטאָט, צווישן שטאָט און שטאָט, צווישן לאַנד און לאַנד. די ייִדישע פאַרמיטלערײַ איז געווען דער הויפּטפאַקטאָר, וואָס האָט געשאַפן די מחיצה צווישן „גוים" און ייִדן, צווישן תושבים און צוגעוואַנדערטע, צווישן בירגער און פּאַריער.

די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג האָט צעריסן די מחיצה פון צוויי זייטן, פון אויבן און פון אונטן. די יידישע אָפּגעזונ־דערטקייט האָט קודם־כּל דורכגעבראָכן דער יידישער גרויסקאַ־פּיטאַל, וואָס האָט זיך דער ערשטער באַהעפט דורך טויזנטער פעדים מיט דער גרויסער אַרומיקער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. פון אונטן האָט זיך אַרויסגעריסן פונם געטאָ־קרייז דער יידישער אַרבעטער, זיך באַהעפטנדיק מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָ־לעטאַרישער אַרמיי. אָט די צוויי נייע סאָציאַלע גרופּן האָבן באַרייכערט דעם געזעלשאַפטלעכן בוי פון דעם יידישן פאָלק און אים אין אַסך פּרטים דערנענטערט צו דער סאָציאַל־דיפערענ־צירטער סטרוקטור פון די אַרומיקע פעלקער, מיט וועלכע זיי האָבן דורך זיי באַקומען צאָלרייכע באַרירונג־פּונקטן. צוזאַמען דערמיט האָבן אָנגעהויבן זיך צו וואַקלען די כינעזישע געטאָ־מויערן.

## גרויסקאַפּיטאַל.

דער אין גרונט־שטריכן אויבן אָנגעמערקטער בילד פונם יידישן עקאָנאָמישן לעבן אין משך פון דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט גיט אין אַלגעמיינע קאָנטורן אַ פאָרשטעלונג אויך וועגן דער סאָציאַלער סטרוקטור פון דער יידישער באַפעל־קערונג אין מזרח־אייראָפּע אין יענער תקופה. כּמעט אַף אַלע עקאָנאָמישע געביטן האָט זיך אין משך פון פאָריקן יאָרהונדערט אויסגעטיילט, אַ מער אָדער ווייניקער, באַדייטנדיקע גרויסקאַפּיטאַ־ליסטישע יידישע גרופּע. באַזונדערש שטאַרק איז געווען דער איינפלוס פון דעם גרויסן יידישן האַנדל־קאַפּיטאַל, וועלכער האָט זיך אין זיין אַנטוויקלונג געשטיצט אַף אַ הונדערטיאָריקער האַנדל־דערפאַרונג און ברייטע האַנדל־פאַרבינדונגען. אין דער אינ־דוסטריע און טראַנספּאָרט איז דער יידישער גרויסקאַפּיטאַל אופ־געטרעטן דער עיקר אין דער אַנאָנימער פאָרם פון אַקציאָנערן קאַפּיטאַל, נעמענדיק דאָ אַן אינטענסיוון אָנטייל אין דער אַנט־וויקלונג פון דעם רוסלענדישן קאַפּיטאַליזם. אויך דאָס באַנקוועזן האָט געעפנט אַ ברייט פעלד פאַר דער טעטיקייט פון דעם

יידישן גרויסקאַפּיטאַל. די יידישע גרויסבורזשואַזיע אין איר אינדוסטריעלער, פינאַנסיעלער און האַנדל־פאָרמאַציע האָט געהאַט א באַדייטנדיקן צוציונג־כח פאַר דער יידישער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ, וואָס האָט אין אירע אויבערשטע שפּיצן געשטרעבט זיך צו באַהעפטן מיט אָט דער סאָציאַלער גרופּע.

דער עקאָנאָמישער טעטיקייט־געביט פונם יידישן גרויס־קאַפּיטאַל גייט אַרויס ווייט איבער די ראַמען פון דעם יידישן לעבן. פאַרן יידישן גרויסקאַפּיטאַל, וואָס איז אינוועסטירט אין דער אינדוסטריע און אין דעם טראַנספּאָרט, עפענען זיך האַרי־זאָנטן פון דער ווי־משאַפטלעכער טעטיקייט אין אַלמלוכהשן פאַר־נעם. דער יידישער פינאַנס־ און האַנדלקאַפּיטאַל (עקספּאָרט און אימפּאָרט) האָט שוין אַפילו באַדייטנדע באַרירונג־פונקטן מיט דער וועלט־ווירטשאַפט. דער עקאָנאָמישער אינטערעס פון דעם יידישן גרויסקאַפּיטאַל איז געריכט אַף וואָס ווייטערע עקספּאַנסיע, אַף באַזייטיקן אלערליי לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע מניעות. נישט אומזיסט נעמט ער אַזוי גערן אָן די אַנאָנימע פאָרם פון אַקציע־אָנערן־קאַפּיטאַל, פאַר וועמען עס איז לייכט גובר צו זיין אַלערליי נאַציאָנאַלע און טעריטאָריאַלע גרענעצן. דער רעאַלער פּאַטאָס פונם יידישן גרויסקאַפּיטאַל איז דער וועלט־מאַרק, זיין פּראַזעאָלאָגישע הילע — איז דאָס כלומרשטע „וועלטבירגערטום", פאַרשטייט זיך, אין א קאָנקרעט־אימפּעריאַליסטישער גרויסמאַכט־אַנטפּלעקונג פון אָט דעם „וועלט־בירגערטום".

די סאָציאַלע דערפאַרונג פון אָט דער גרופּע פירט זי אַרויס ווייט איבער די ראַמען פון דער יידישער נאַציע און יידי־שער רעליגיע. זי ברענגט איר אין שטענדיקער און מער וויני־קער נאָענטער באַרירונג מיט די פאָרשטייער פון די פאַרשיידנסטע פעלקער און לענדער. זייער איינציק־אמתער פאָטערלאַנד און זייער איינציק־אמתע תורה איז דער קאַפּיטאַל מיט זיין שטרעבן צו אַל־וועלטלעכער קאָנצענטראַציע און וועלט־הערשאַפט. די פּאָליטישע באַשטרעבונגען פונם גרויסקאַפּיטאַל זיינען געווענדט אַף די באַ־זייטיקונג פון פאַרשיידנאַרטיקסטע נאַציאָנאַלע באַגרענצונגען, פריציש־פעאָדאַלע רעשטן און שטאַנדן־פּריווילעגיעס, וואָס שטערן דער

אָפּהײנגיק פון דער צײט־ און אָרט־קאָניונקטור און אויך פון דער
אַרומיקער קאָנקורענץ. זי איז דעריבער אסך „גלותדיקער“
אומזיכערער, און לעבצט פיבערהאַפט נאָך אַן אײגענער מלוכה.
די טאָג־טעגלעכע סאָציאַלע דערפאַרונג פון דעם באלעבאָס רופט
אַרויס בא אים נאַציאָנאַליסטישע קנאה־ און שנאה־געפילן צו אַלע
„פרעמדע“ און „פײנטלעכע“ ארומיקע פעלקער. די אינעווײ־
ניקסטע קאָנקורענץ אינם ײדישן בירגערטום גופא, די קאָנקורענץ
צווישן ײדישן און נישט־ײדישן קאַפּיטאַל, וואָס ווערט נאָך מער
פאַרשאַרפט דורכן בלומרשט אידעישן אנטיסעמיטיזם,—אַלץ איז
דאָ געווײנדט אף שטארקן דאָס יחידישע. דער קאָלעקטיוו, די
נאציע, איז נאָר א פראזעאָלאָגישע שירמע פאַרן אינדיווידואליס־
טישן ריוח־געיעג, דער העכסטער חלום פון ײדישן מיטלבירגער־
טום איז — זיך באפרײען פון דידאָזיקע סתירות און, זיך
אַרופדראפנדיק צו די שפיצן פונם ײדישן גרויסקאפּיטאַל, פאַרבײטן
די נאַציאָנאַל־קלעריקאַלע מליצה מיטן קאָסמאָפּאָליטישן ראַ־
ציאָנאַליזם.

דער ײדישער מיטלבירגער פילט זיך סאָציאַל־פּאָליטיש
אַלס דער אײנציק־בארופענער באַלעבאָס פונם ײדישן עפנטלעכן
לעבן. פאַר אים און ײעגן אים ירעדט די גאַנצע ײדישע פאַר־
גאַנגנהײט, ײעגן זײנע גרויסע היסטאָרישע פאַרדינסטן, ײעגן אתה
בחרתני. ער שפילט די ראָל פונם קהל־פירער, הגם ער האָט
שוין אינטעריעגס לאַנג פאַרלאָרן, הן דעם גלײבן אין זײן גאָט,
הן דעם גלויבן אין זײן „הײליק פאָלק“. ײדן זײנען אין גלות;
די באפרײונג פונם גלות איז דער אײגענער „יודנשטאט“ — די
ײדישע מלוכה. די ײדישע פאַבריק, דער ײדישער קראָם און
דער ײדישער ביורא, מאכן אים תישבהדיק, און אַלס תושב מוז
ער זיך דערשלאָגן צו אַן אָנטײל אין דער מלוכה־מאכט און מוז
שטרעבן צו גלײכ־ און פולבארעכטיקונג מיט דער גוישער קאָנקו־
רענץ־וועלט. זײן פחד פאַרן קאָנקורענט, ײאָס איז שטאַרקער פון
אים אראַנק זײן אָרטיקער פאַרוואָרצלונג, טרײבט אים צוריק אַרײן אינם
גײסטיקן געטאָ, בלאָזט ווידער און ווידער פאַנאַנדער אין אים

דעם פונק פון דעם „פינטעלע ייד“. אַזוי ראַנגלען זיך אין דעם
יידישן מיטלבירגער צוויי פּיינטלעכע נשמות.

פונקט ווי זיין פּאָליטישער פּרצוף, אַזוי איז אויך זיין גײַ=
סטיקער קולטורלעבן פול אינערלעכסטע סתירות. כּדי אָפּצוהיטן
און אָפּצוגרענעצן דעם אינעווייניקסטן יידישן מאַרק, מוז מען אָפּ=
היטן און קולטיווירן אַלע פאַקטאָרן, וואָס שאַפן דעם סאָציאַל=
פּאָליטישן יידישן געטאָ: די אמונה, די נאַציאָנאַלע שפּראַך, דעם
לאַנגאָניקן תּלמודיסטיש=רבּניסטישן גדר. כּדי אָבער דער יידישער
פאַבריקאַנט, סוחר און אינטעלעקטועלער זאָל קענען וואָס ווייטער
און טיפער אַריינדרינגען אין די רוסלענדישע אָפּזאַץ=געביטן, מוז
ער אין דער אייגענער סביבה, בּאַ זיך אין דער אייגענער
משפּחה, מיט אַלע מיטלען פאַרפלאַנצן און קולטיווירן די שפּראַך=
און קולטור=געוווינהייטן פונם פרעמדן, דער עיקר, רוסלענדישן
אָפּזאַץ=געביט. און אַף וויפיל די טראַדיציאָנעלע יידישקייט איז אַ
מניעה פאַר אָט דער קולטורעלער עמאַנסיפּאַציע פונם יידישן
בירגערטום אינם מלוכה=מאַסשטאַב, דאָמינירט אין אים די שנאה
צו אָט דער אַלטער בּינעזישער מויער, וואָס שטייט אַפן וועג פון
גיכערן אומזאַץ און בּרייטערן אָפּזאַץ. און אין זיין פּראַקטיש=
פּאָליטישער טעטיקייט, איז דער אַסימילאַטאָרישער תּושב=פּנים
אַסך בּולטער און אַקטיווער, ווי דער נאַציאָנאַליסטיש=פאַרדאַגהטער
גלות=פּנים. און נאָר דער אָרגאַנישער צוזאַמענבונד מיטן המון און די אָפּ=
הענגיקייט פון דער בּרייטער יידישער פאָלק=מאַסע האַלט אונטער
אין דעם יידישן מיטלשטאַנד דעם „נר=תּמיד“ פון נאַציאָנאַל=רע=
ליגיעזער „מסורה“. אינם ליכטיקן צוקונפט=חלום האָט מען
אָפּגעגעבן אַט די שמות און רודימענטן אינם היסטאָרישן אַרכיוו,
ווי דאָס האָט שוין לאַנג אָפּגעהאַרציק געטאָן דער יידישער גרויס=
בּורזשואַ. און אויב דער ליכטיקער חלום ווערט נישט אַזוי גיך
פאַרווירקלעכט, ווער איז אין דעם שולדיק? די בּייזוויליקע קאָנקו=
רענטן, די שונאי=ישראל. זיי פאַרשטעלן דעם וועג, וואָס פירט
צום גרעסערן ריוח און צום רייכן מליצה=שיסל. און אַזוי וואַרפט
זיך דער יידישער מיטלקאַפּיטאַל צווישן איין עקסטרעם אין דעם
צווייטן; צווישן לאָקאַל=פּאַטריאָטיזם און גלות=פּחדנות, צווישן

קאַפּיטאַליסטישע שרײַם. אַף אַזאַ אופן פאַרלײַנגערט דאָס קלײנבירגערטום אָן סוף די קײט פון די אומפּראָדוקטיװע באַלאַסטעלעמענטן, װאָס אין תוך גענומען, פאַרבינדן זײ נישט, נאָר זײ טײלן אָפּ דעם פּראָדוצענט פון קאָנזומענט. אַף װיפיל דער בעל־מלאכה טרעט אױף גלײכצײטיק, הן אלס אונטערנעמער, הן אלס אַרבעטער, װערט זײַן עקאָנאָמישע טעטיקײט פאָרט כאַראַקטעריזירט דורך דער עקספּלאָאַטאַציע פון פרעמדן אַרבעטכח. דער מײסטער, װאָס אַרבעט אַלײן און קלאַפּט דערבײ אַרױס דעם מערײערט פון זײַנע געזעלן און לערנינגלעך, דער אַרבעטער, װאָס װערט אױפן מוראדיקסטן אופן עקספּלואַטירט, און װעמעס גאַנצער פּיזישער און גײסטיקער לעבן איז געבױט אױפן בטחון אלײן צו װערן מאָרגן אַ מײסטער,—סײ אין דעם, סײ אין יענעם האָבן מיר אַ מעכאַנישע פאַרבינדונג פון אַרבעטער און עקספּלואַטאַציע־מאָמענטן.

די דאָזיקע סאָציאַל־עקאָנאָמישע גרונטשטריכן באַשטימען אױך דעם סאָציאַל־פּאָליטישן כאַמעלעאָן־פּרצוף פון דעם קלײנבירגערטום. זײַנע פּאָליטישע באַשטרעבונגען זײַנען פּונקט אַזױ אומבאַשטימט און װאַקלדיק, װי זײַנע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. דאָס קלײנבירגערטום איז דערײַבער שטענדיק געװען און געבליבן די אָרענע פון װילדסטן פּאָליטישן שריט־טאַנץ. נישט קוקנדיק אַף די צאָליקע גרױס פונם קלײנבירגערטום, האָט דער דאָזיקער קלאַס קײנמאָל נישט געהאַט זײַן אײגענע פּאָליטישע פּראָגראַם און האָט זיך שטענדיק געפונען אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער פּאָליטישער אָפּהענגיקײט פון דעם קלאַס, װאָס האָט אין דעם געגעבענעם מאָמענט געהאַט אַף אים די השפעה.

צוזאַמען מיטן גאַנצן ייִדישן בירגערטום לעכצט דער קלײנבירגער נאָך גלײַך־ און פיל־באַרעכטיקונג. אָבער נאָך מער װי די ייִדישע מיטלבורזשואַזיע, ציטערט דער ייִדישער קלײנבירגער פאַר דער מעגלעכער פאַרשמעלערונג פון דעם אינעװײניקסטן ייִדישן אָפּזאַץ־געביט. ער ברענט דערפאַר מיט קנאה און שנאה צו אַלע די „אָפּטריניקעס“, געשמדטע און אַסימילאַטאָרס, װאָס פאַרקלענערן באָטש אַף אַ האָר די צאָל אָפּנעמערס פון זײַן פּראָדוק־

ציע, פון זיין סחורה. דער קליינבירגער איז דער פּיער־דיקסטער נאַציאָנאַליסט און אויף וויפיל ער דערהייבט זיך אויפן פּאָליטישן געביט צו אַקטיוויקייט, דערגרייכט ער די העכסטע מדרגה אין דער פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, פון דער „סוּווערענער“ מעגלעכקייט נישט צו דערלאָזן פרעמדע, גוישע בעל־דעות זיך אַריינצומישן אין זיינע נאַציאָנאַלע ענינים. אין די באַדינגונגען פונם יידישן קליינבירגערלעכן לעבן, וואַקסט די שפּראַך אויס צו אַן אַבסאָלוטן הייליקטום, וואָס דאַרף פאַרבייטן דעם הייליקן בעס־מעדרעש, אלס צוים, וואָס באַשיצט דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן געטאָ פון פרעמדער קאָנקורענץ.

קולטורעל שימערירט דער קליינבירגער מיט אַלע פאַרבן פונם היסטאָרישן רעגנבויגן. מיר געפינען דאָ אַ היפּש ביסל רבנישע טראַדיציעס, וואָס דאַרפן העלפן איינהאַלטן די אַרבעטער, די אָנגעשטעלטע, געזעלן און לערנינגלעך אין די ראַמען פון הכנעהדיקייט לגבי גאָט און באַלעבאָס. די אומפאַרשטענדלעכע און גראָד דערפאַר הייליקע שפּראַך פון די אבות רופט דאָ אַרויס נישט ווייניק ראָמאַנטישע תשוקה־געפילן. און איז ער פון איין זייט געווענדט מיטן פּנים צום עבר, צום גליקלעכן גאָלדענעם עבר, איז ער פון דער אַנדער זייט, אָפּט געצווּנגען זיך צו אָריענטירן אויף דער צוקונפט, וואָס ווערט אָנגעמערקט פאַר אים דורכן אַרבעטערקלאַס. אין מאָמענטן בעת די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג טרייבט דעם קליינבירגער אַלץ טיפער אין תהום פון סאָציאַלער פאַרצווייפלונג, צו דער נויטווענדיקייט פון קאָלעקטיוויסטישן איבערבוי פון דער געזעלשאַפט, דערוואַכט אין דעם קליינבירגער אַלץ בולטער די בענקשאַפט נאָך יענעם נייעם משיח, וואָס וועט אים אַרויספירן פון זיין סאָציאַל־עקאָנאָמישער און היסטאָרישער איינגשאַפט. אין אַזעלכע מאָמענטן ווערן אין דעם קליינבירגערטום אַקטואַליזירט אַלע זיינע אַרבעטער־עלעמענטן, וואָס שאַפן די נאַטירלעכע בריק צום פּראָלעטאַריאַט. דאַמאָלסט פּראָקלאַמירט דער קליינבירגער די סעקולאַריזאַציע פון יידישן לעבן, דעם יידישן קולטור־רענעסאַנס, די באַהעפטונג מיטן

אַ באַזונדערן אָרט אין דערדאָזיקער סאָציאַלער גרופּע פאַרנעמען די פאַרברעכער; דערביי מוז מען קאָנסטאַטירן, אַז דער פּראָפעסיאָנעלער אימפּעט זייערער באַקומט זיין אויסדרוק דאָס רוב אין די פאַרשיידנאַרטיקסטע פאַרברעכנס קעגן אייגנטום. אין אַלגעמיין טראָגט דידאָזיקע סאָציאַלע גרופּע אַ מער־ווייניקער בולטן, פּאַראַזיטישן כאַראַקטער. די נעגאַטיווע מאָמענטן פונם קליינבירגערטום ווערן דאָ דערהויבן צו זייער העכסטער מדרגה. זייענדיק אַ פּראָדוקט פון דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער אַנאַרכיע, וואָס הערשט אין דער היינטיקער געזעלשאַפט, פילט זיך דער לומפּנ־פּראָלעטאַריער באַזונדערש ווויל, בעת דידאָזיקע אַנאַרכיע באַ־קומט אַ בולטן אויסדרוק אין מאָמענטן פון קריזיסן, קאַטאַסטראָ־פעס און כלערליי מהומות. דער יידישער שנאָרער איז נישט צו־פעליק דער ערשטער מחותן באַ אַלע קליינטשינקע „אויסערגע־וויינלעכקייטן" פונם יידישן געטאָ־לעבן — אַף בריתן, בר־מצוות, חתונות, לוויות. דאָס זיינען אַלץ געלעגנהייטן, בעת די קעשענע פונם יידישן באַלעבאָס איז צוגיינגלעכער. דער פּאַטאָס פון דעמדאָזיקן עלעמענט איז קיצבה, געזעלשאַפטלעכע און פּריוואַטע נדבה. זיין סאָציאַל־פּאָליטישער מהות איז די אַוואַנטיורע. זיין לעבנפילאָזאָפיע לערנט, אַז ווי לאַנג עס וועלן זיין נגידים, וועט זיין וואָס צו שנאָרן, וואָס צו גנבענען, וואָס אַזוי אָדער אַנדערש אויסצונאַרן. נישט האַלטנדיק פון די אָפיציעלע הייליקטימער פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, ווי אייגנטום, מלוכה, משפחה, זיינען זיי פאָרט אין רויקע „אָרגאַנישע" פּעריאָדן פון דער געשיכ־טע טריי־אונטערטעניקע משרתים פון די הערשנדיקע. דאָס שטערט זיי נישט אָנצופילן די תפיסות און די כלערליי צדקה־אַנשטאַלטן, וואָס זיינען באַרופן אָפּצוהיטן דעם גוף און די נשמה פונם בירגער פון די לומפּנפּראָלעטאַרישע עקסצעסן.

אין מאָמענטן פון היסטאָרישע קריזיסן דערוואַכן אָבער אינם לומפּנפּראָלעטאַריער זיינע מרידישע אינסטינקטן. עס עפנט זיך אַ ברייט פעלד אויסצוגיסן זיין אָנגעקליבענע און אונטערדריקטע בונ־טאַרישקייט. ס'איז נישטאָ דאַסאָלסט קיין ברעג פאַר זיין „לינקייט" און „רעוואָלוציאָנערישקייט". ער איז גרייט צוזאַמען מיט דער סאָ־

ציאַלער נויט אָפּצוראַמען פון וועג אַלע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַני־
זאַציע־פאָרמען. אַ כשר קינד פון דער אַנאַרכיע, האָט דער לומפּנ־
פּראָלעטאַריאַט געמוזט ווערן דער טרעגער פון סאָציאַל־פּאָליטישן
אַ נ אַ ר כ י ז ם.

פונקט, ווי זיין עקאָנאָמישע עקסיסטענץ, אַזוי איז אויך דער גייס־
טיקער פּרצוף פונם לומפּנפּראָלעטאַריער דורכגעדרונגען מיט
הפקרות. נישט זייענדיק באַהעפט אָרגאַניש מיט וועלכע ניט איז
גייסטיקע ווערטן, שפּירט דער לומפּנפּראָלעטאַריער אין זיך קיין
שום אחריות נישט פאַרן קאָלעקטיוו, נישט פאַר דער צוקונפט. זיין
פּאָזיטיווער כח באַשטייט אין נעגירונג, אין קריטיק פון אַלץ, וואָס
עקזיסטירט. זיין גאַנצע גייסטיקע וועלט איז דעזאָרגאַניזירט, פול מיט
צופעליקע שריים און רעשטן פון אַלערליי אידעאָלאָגיעס. צווישן די
סתירותדיקע סאָציאַל־פּאָליטישע כוחות, ווערט דער לומפּנפּראָלע־
טאַריער תהו־ובהודיק אַרומגעשלײַדערט. אָפּהענגיק פון זיין צופע־
ליקן יחידישן מאָמענט־אינטערעס אָדער קאַפּריז. נישט האָבנדיק
קיין פּאָזיטיווע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָגראַם, נישט קיין פּאָל
טישן אידעאַל, דערהייבט דער לומפּנפּראָלעטאַריער זיין נישט־
אָריענטירטקייט און כאַאָס צום העכסטן פּרינציפּ, די אַנאַרכיע —
אַלס אידעאַל.

## אַרבעטערקלאַס.

אַ נייער סאָציאַלער כח איז אין דער תקופה אַנטשטאַנען
אין דער געשטאַלט פון דעם יידישן אַרבעטערקלאַס. אמת, אויך
ביז צום סוף פונם 19־טן יאָרהונדערט זיינען צווישן דער יידישער
באַפעלקערונג אין מזרח־איראָפּע געווען נישט ווייניק אַרבעטנדיקע
עלעמענטן „פּועלים“ און משרתים. אָבער אינם לעצטן פערטל
פונם 19־טן יאָרהונדערט, זיינען אָט די עלעמענטן — אַדאַנק
דער אַלגעמיינער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג און דער אַנטשטיי־
ונג פון אַ קלאַסנבאַוווסטן אינדוסטריע־פּראָלעטאַריאַט אין לאַנד,
אויך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו קומען צום באַוווסטזיין פון זייער
קלאַסנצוגעהעריקייט און זיך אָנגעהויבן פילן און פירן, ווי אַ

לויט דידאָזיקע דאַטן באַטרעפט דער יידישער אַרבעטער־קלאַס 8,04 פראָצ. פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אָדער 13,4 פראָצ. פון דער גאַנצער אַרבעטספעיקער יידישער באַפעלקערונג.

די הייפטמאַסע פון דעם יידישן אַרבעטערקלאַס בילדעט די אין דער מלאכה באַשעפטיקטע גרופע: שוסטער, שניידער, פליי־שער, בעקער, א. א. וו. די באַדייטנדיקע גרופע פון האַנדלאָנ־געשטעלטע איז אין דער טאַבעלע אַריין אין דער צעשווומענער קאַטעגאָריע פון נישט־קוואַליפיצירטע אַרבעטער (23,6 פראָצ). באַשיידענער איז די צאָל יידישע אַרבעטער, וואָס זיינען פאַרנומען אין דער אינדוסטריע (11,5 פראָצ.) דאָס רוב אין דער טעקסטיל־, גאַלאַנטעריי־, לעדער־, בערשטער־, טאַבאַק־ און פאָרצעליי־אינ־דוסטריע. אַהער מוז אויך צוגערעכנט ווערן די גאַנץ באַדייטנדיקע צאָל פון די אַרבעטער, וואָס זיינען פאַרנומען אין דער האָלצ־באַאַרבעטונג־אינדוסטריע. דאָ מוז אויך דערמאָנט ווערן די נישט־אומבאַדייטנדיקע גרופע פון אַרבעטער, וואָס זיינען באַשעפטיקט אינם טראַנספאָרט, ווי טרעגער, וועגלפירער, אויסלאַדער א. א. וו.

די צאָל לאַנדווירטשאַפטלעכע יידישע אַרבעטער געפינט זיך אין אַ הסכם מיט דער אַלגעמיין־שוואַכער באַשעפטיקונג פון די יידן מיט לאַנדווירטשאַפט — (3,3 פראָצ.). צו די חסרונות פון די איבערגעבראַכטע דאַטן געהערט נישט נאָר דאָס, וואָס אין זיי זיינען אין אַכט גענומען ניט אַלע אינדוסטריע־אָפצווייגן און ניט אַלע ראַיאָנען פון רוסלאַנד, נאָר אויך דאָס, וואָס זי האָט אינ־גאַנצן איגנאָרירט דעם אַזוי־גערופענעם אינטעלעקטועלן פראָלעטאַריאַט וואָס האָט פאַרנומען אַ באַדייטנדיקן אָרט אויב נישט אין כמות טאָ אין איכות.

די אייגנאַרטיקייט פון דעם יידישן אַרבעטערקלאַס באַשטייט אין דעם, וואָס דער גרעסטער טייל זיינער איז מיט הונדערטער פעדים נאָך צונויפגעבונדן מיט די עקאָנאָמיש־אָפגעשטאַנענע בעל־מלאכהשע און סוחריש־פאַרמיטלערישע לעבן־פאָרמען און וואָס אינם יידישן אַרבעטערקלאַס לעבט נאָך דער „פועל“ מיט זיינע אַלט־פרענקישע טראַדיציעס. אַף וויפיל צווישן די יידישע אַרבעטער איז פאַראַן אַ געוויסער טייל, וואָס

איז פאַרט אַרײַנגעדרונגען אין דער אינדוסטריע, פאַרנעמט ער
אויך דאָרטן די אָפּגעשטאַנענע פּעריפעריע=פּאָזיציעס — דאָס
רוב אין דער פאָרם פון הויז=אינדוסטריע, און נאָר אין אַ גאַנץ=
באַגרענעצטער מאָס, אין דער קלײן= און מיטל=אינדוסטריע. כאַ=
ראַקטעריסטיש איז דערבײַ, אַז וואָס מער דער געגעבענער אינ=
דוסטריע=צווײַג אָדער אונטערנעמונג דערהויבן זיך צו דער מדרגה
פון מיטעלער און באַזונדערש העכערער אינדוסטריע מיט מאַשי=
נען=באַטריב און מיט אַ גרעסערן באַטריב=קאַפּיטאַל, אַלץ קלענער
ווערט אין אים דער אָנטײל פון דעם ייִדישן אַרבעט=כּח. אַזוי
זײַנען פון 27.582 אַרבעטער, באַשעפטיקטע אויף ייִדישע פאַבריקן
מיט מאָטאָר=באַטריב פאַראַן 5.236 ייִדישע אַרבעטער ד. ה.
18,9 פּראָצ. פון דער אַלגעמײנער צאָל אַרבעטער. אויף ייִדישע
פאַבריקן אָן מאָטאָרן — פון דער אַלגעמײנער צאָל 15.429
אַרבעטער איז פאַראַן 6.718 אָדער 43,7 פּראָצענט ייִדישע
אַרבעטער.

אין דער שווער=אינדוסטריע און אורפּראָדוקציע האָבן די
ייִדישע אַרבעטער בכלל קײן אָנטײל נישט גענומען. די קאַפּי=
טאַליסטישע אַנטוויקלונג האָט אינם ייִדישן תּחום בולט אַרויס=
געוויזן איר אָפּשטויסנדיק=עקספּלאָאַטאָרישן פּנים און דערבײַ
נישט קאָמפּענסירט די נעגאַטיווע מאָמענטן אירע מיט די אַלגע=
מײן=פּאָזיטיווע באַגלײט=דערשײַנונגען, ווי אינדוסטריאַליזירונג און
קאָנצענטרירונג פון די אַרבעטער־מאַסן אין גרעסערע אונטערנעמונגען,
דאָס אַלגעמײנע הויבן זיך פון לעבנמצב א. ד. גל. די
סיבות פון אָט דער נעגאַטיווער אײגנאַרטיקײט פון דער ייִדישער קאַ־
פּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג ליגן טיף אין די היסטאָרישע תּנאָים
פון דעם ייִדישן לעבן. די פּאָליטישע און בירגערלעכע רעכט־
לאָזיקײט, אין וועלכער דער צאַריזם האָט געהאַלטן די ייִדישע
מאַסן, די נאַציאָנאַלע רדיפות און אַנטיסעמיטישע העצע, וואָס
האָבן מעכאַניש צונויפגעהאַלטן און דערנענטערט די סאָציאַל=
אַנטאַגאָניסטישע קלאַסן פון דעם ייִדישן פאָלק, די טויזנטיעריקע
ממשלה־טראַדיציעס פון דער גביריש=רבנישער געזעלשאַפטלעכער
אָרדנונג, די תּלמודיש־פּעאָדאַלע רעשטן פון גלויבן און אָבער־

גלויבן, מיט שבת=רו, ימים=טובים און די איבעריקע פאָרמען פון כלל־ישראלישקייט. דאָס אַליין האָט פארשטעלט דעם וועג פון דעם יידישן ארבעטער מיט די פארשיידנארטיקסטע מניעות און באַ=דייטנדיק פארשווערט זיין היסטאָרישע—כמותדיקע און איכותדיקע—אנטוויקלונג. די הונדערט=יאָריקע געטאָ=ירושה האָט פאַרפאָלגט דעם יידישן אַרבעטער ביז אין 20=טן יאָרהונדערט אַריין. אַ יידי=שער אַרבעטער האָט געקאָנט באַקומען באשעפטיקונג נאָר בא א יידישן באלעבאָס. און אף וויפיל דער יידישער אונטערנעמער באקומט א צוטריט צום גרעסערן נישט=יידישן אָפּזאַץ=געביט, שטרעבט ער זיך באפרייען פון דעם אין אסך פרטים אומבאַ־קוועמען יידישן ארבעט=כח. וועגן דער ארבעט פון יידן אין נישט=יידישע און באזונדערש אין מלוכהשע אונטערנעמונגען, האָט בא יענע באדינגונגען איבערהויפּט קיין רייד נישט געקאָנט זיין.

דער עקאָנאָמישער הויפּט־אינטערעס, וואָס האָט צונויפגע=בונדן אַלע יידישע ארבעטער אין איין סאָציאַלער גרופּע, איז באַ־שטאַנען אין זייער שטרעבן זיך צו דערשלאָגן צו בעסערע לעבן= און ארבעט=באדינגונגען: העכערן ארבעטלוין און קירצערע אַרבעט=צייט, ווייל געניטיקט זיך אין דעם האָט דער יידישער ארבעטער אין א גרעסערער מאָס, ווי די אַרבעטער פון אַנדערע נאַציעס אין לאַנד. אין די שווערע קאָנקורענץ־באדינ=גונגען פונם תכום האָט דער לוין פון דעם יידישן אַרבעטער זעלטן ווען דערגרייכט דעם נויטיקן פאַרן לעבן=אונטערהאלט מינימום. דערביי איז די אַרבעט־צייט אין די אונטערנעמונגען, וווּ ס'האָבן געאַרבעט יידישע ארבעטער, געווען אסך לענגער, ווי אין די איבעריקע אינדוסטריע=צווייגן, ווייל יענער מינימאלער גע־זעצלעכער שוץ, וואָס די רוסלענדישע פאַבריק=געזעצגעבונג האָט גע־געבן דעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט פונם לאנד, האָט נישט פאַרשפּרייט זיין ווירקונג אף די קליינע אונ=טערנעמונגען, אין וועלכע ס'איז געווען באשעפטיקט די גרעסטע מערהייט פון די יידישע אַרבעטער. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט זיינען אויך די סאַניטאַר=היגיענישע ארבעט=באדינגונגען אין וועל=כע ס'איז אויסגעקומען צו לעבן דעם יידישן אַרבעטער געווען

אויסערגעוויינלעך אומגינסטיקע און שעדלעכע פאַר זיין געזונט. און וואָס שווערער עס זיינען געוועזן די אַרבעטס־באַדינגונגען פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט, אַלץ אנטשלאָסענער האָט געמוזט ווערן זיין קאַמף־ווילן דיראָזיקע תּנאים צו באַזייטיקן.

אין איר קאַמף פאַר די אויסבעסערונג פון איר לעבן־מצב האָט די יידישע אַרבעטערשאַפט געמוזט זיך אָנשטויסן אויף דער גרונט־סיבה, וואָס מאַכט אוממעגלעך די ראַדיקאַלע פאַר־ענטפערונג פון איר לעבנס־פּראָבלעם: דער פּריוואַט־אייגנטום אויף די ווערקציינג און מיטלען פון דער פּראָדוקציע.

אין סאָלידאַרישער באַהעפטונג מיטן גאַנצן אינדוסטריע־פּראָלעטאַריאַט פונם לאַנד, האָט דער יידישער אַרבעטערקלאַס אַריינגעפלאָכטן זיינע סאָציאַל־עקאָנאָמישע באַשטרעבונגען. דער סאָציאַל־פּאָליטישער האָריזאָנט פון דעם יידישן אַרבעטער פירט אים אַרויס ווייט איבער די גרענעצן פונם געטאָ־לעבן. און נישט אין קאָנקורענץ־קאַמף פאַר נייע מערק, ווי דעם יידישן גרויס־קאַפּיטאַל, נאָר אין סאָלידאַרישן קאַמף פון אַלע אַרבעטער אָן אונטערשייד פון שפּראַך און נאַציע, פאַר דער געמיינזאַמער אינטער־נאַציאָנאַלער באַפרייונג. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע קומט א גאַנצער קלאַס פון דעם יידישן פאָלק אין פריינטשאַפט־לעך־אָרגאַנישער באַרירונג און באַהעפטונג מיט די סאָציאַל־גלייכ־געשטעלטע קלאַסן פון די אַרומיקע פעלקער. און אַף וויפיל די אינטערנאַציאָנאַלע דערפאַרונג פונם אַרבעטערקלאַס האָט באַוויזן, אַז די אנטגילטיקע סאָציאַל־פּאָליטישע באַפרייונג פונם פּראָלעטאַ־ריאַט קאָן דערגרייכט ווערן נאָר אַפן וועג פון אנטשיידענעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַרן סאָציאַליזם,—זיינען די יידישע אַר־בעטער אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין אָט דעם גרויסן אינטער־נאַציאָנאַלן שטראָם.

אָבער נישט אינגאַנצן. די סאָציאַלע דערפאַרונג פונם יידישן האַנטווערק־פּראָלעטאַריאַט זאַפּט אים אָן מיט צאָלרייכע קליינ־בירגערלעכע השגות און שטימונגען; פון דעם לערנינגל ווערט א געזעל און יעדער געזעל האָט באַרייטנדיקע שאַנסן צו ווערן א מייסטער. און דער מייסטער, וואָס אַרבעט מיט, איז אויך

נישט קיין גענוג בולטער אָביעקט פאַרן אויסגעהאַלטענעם קלאַסנ־קאמף. דאָס אייגענע מיטן ייִדישן האנדל־אָנגעשטעלטן. אויך ער לעבט אין דער סביבה פון פאַרמיטלעריי און זיינע קאמפּבאַ־שטרעבונגען פאַר בעסערע לעבן־תּנאים ווערן זייער אָפט פאַ־ראַליזירט דורך דער אויסזיכט, פריער צו שפּעטער, אַליין צו ווערן אַ קרעמער.

וואָס שייך די ייִדישע אינטעליגענץ, האָט איר סאָציאַל־רע־וואָלוציאָנערער פּאַטאָס איר מקור צום גרעסטן טייל אין די בירגערלעך־פּאָליטישע באַגרענצונגען מצד דער צאַרישער רע־גירונג.

אין לעצטן סך־הכּל אָבער גיסן זיך צונויף אַלע סאָציאַל־פּאָליטי־שע באַשטרעבונגען פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט אינם קאַמף פאַרן סאָציאַליזם. דער ייִדישער אַרבעטער, וואָס קעמפט פאַר מלוכה־מאכט—דאָס איז אַפן פאָן פון באַלעבאַטישער קריבעריי און שתּדלנות, די אייגנאַרטיקסטע נייע דערשיינונג אַף דער פּאָליטישער אַרענע פונם 19־טן יאָרהונדערט. אָבער פּונקט ווי די עקאָנאָמישע שמאָלקייט פונם קאַמף־שטח צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט אין דער ייִדישער סביבה האָט באַגרענעצט דעם פאַרנעם און די מעגלעכקייטן פונם קלאַסנקאמף, אַזוי האָט אויך די פאַרשטאַרקטע דורך די רעפּרעסיעס נאַציאָנאַל־פּאָליטישע צונויפ־געבונדנקייט פון דעם ייִדישן אַרבעטער מיטן ייִדישן באַלעבאָס, אָפּגעלייגנט די פּאָליטישע ליניע פונם ייִדישן אַרבעטערקלאַס אין דער ריכטונג פון קליינבירגערלעך־נאַציאָנאַליסטישע פּשרות.

אויך אַפן קולטור־געביט עפנט דער ייִדישער אַרבעטער אַ נייַ קאַפּיטל אין דער ייִדישער געשיכטע. די וואָרצלען פון זיין סאָציאַל־עקאָנאָמישן קיום, זיינען נישט אַזוי צונויפגעבונדן מיטן עבר, ווי באַם ייִדישן בירגערטום. ער האָט דעריבער נישט די יראת־הכּבוד־שטימונגען צו די טראַדיציאָנעלע קולטור־ווערטן פון דער אַלטער ייִדישער ירושה. און נאָר אונטער דער דירעקטער השפּעה פון בירגערלעכע אידעאָלאָגיעס, דערוואַבן אין געוויסע אַריערגאַרד־טיילן פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט פּיעטעט־שטי־מונגען צו דער קולטור פון די אבות און צו זייער שפּראַך. די

מוטער־שפּראַך פונם ייִדישן אַרבעטער און זײַן פּאַרקער-שפּראַך מיט דער קלײנבירגערלעכער סביבה, איז ייִדיש — די שפּראַך פונם ייִדישן המון. נאָר אין דער שפּראַך זײַנען דעם ייִדישן אַר־בעטער צוגײַנגלעך די אָנגעקליבענע קולטור־ווערטן פון זײַן סביבה. אף דער שפּראַך קאָן ער אפּן דירעקטן אופן זיך דער־שלאָגן צו וויסן, אַלס אײנע פון די הויפּטוועגן צו מאַכט. דער ייִדישער אַרבעטער ווערט דעריבער נישט צופעליק דער אַקטיווער טרעגער פון דער מאָדערנער ייִדישער קולטור, איבערנעמענדיק אויך אין דעם פּרט די העגעמאָניע איבער דער קלײנבירגערלעכער און האָרעפּאַשנער ייִדישער מאַסע.

די סאָציאַלע דערפאַרונג פונם אַרבעטער איז אָנגעפילט מיט מאָמענטן, וואָס סטימולירן די קלאַסן־סאָלידאַריטעט צווישן דער ייִדישער און נישט־ייִדישער אַרבעטערשאַפט און וואָס דער־ווײַזן אויך אין דער טאָג־טעגלעכער פּראַקטיק, אַז יעדער סאָציאַלע און פּאָליטישע באַהעפטונג מיט דער „אײגענער" בורזשואַזיע איז אין לעצטן סך־הכל געווענדט קעגן די אינטערעסן פונם אַרבע־טערקלאַס. דעריבער איז די ג ר א ד ע ליניע פון דער אַר־בעטער־פּאָליטיק אַלעמאָל פײַנטלעך צו די נאַציאָנאַליסטישע אָפּנײגן. נאַציאָנאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם זײַנען נישט זיך קעגנזײַטיק דערגאַנצנדיקע אידעאָלאָגיעס, נאָר באמת היפּוכים, וואָס שליסן אויס אײנער דעם אַנדערן. דער קריטיש־ראַציאָנעלער צוגאַנג פון דעם אַרבעטערקלאַס צו דער ג אַ נ צ ע ר פון אים איבערנומענער אידעישער ירושה, צווינגט אים, פאַרשטײט זיך, ענערגיש אָפּצו־וואַרפן און צו באַקעמפן די אַלע אידעאָלאָגישע מאָמענטן, וואָס זײַנען פון די הערשנדיקע קלאַסן באַשאַפן און אויסגענוצט געוואָרן אַלס כּלי־זין אין זײער קאַמף קעגן די אַרבעטנדיקע מאַסן. און קודם־כּל שטרעבט ער אויסצוראָטן די נאַציאָנאַליסטישע „אתה בחרתנו" סענטימענטן און אַלערלײ רעליגיעזע טראַדיציעס. דאָס דיקטירט דעם אַרבעטערקלאַס אַן אויסגעהאַלטן־פײַנטלעכע באַציונג צו רעליגיע און אָרטאָדאָקסיע אין אַלע זײערע פאָרמען.

דאָס איבערבויען די געזעלשאַפט אַף סאָציאַליסטישע יסודות איז פאַרן אַרבעטערקלאַס דער העכסטער ציל, וועלכן עס מוזן

זיין אונטערוואָרפן אַלע איבעריקע שטרעבונגען און מאָמענטן פון צווייטער און דריטער מדרגה. די אופהאַלטונג פון דער נאַציע איז פאַרן ארבעטערקלאַס נישט קיין אַבסאָלוטער ציל, פאַר וועלכן ער זאָל מקריב זיין זיינע קלאַסן־אינטערעסן. דאָס שטרעבן פון דעם יידישן גרויסקאַפּיטאַל צו נאַציאָנאַלער אַסימילאַציע מיט דער אַרומיקער מערהייט באַקעמפט דער ארבעטערקלאַס פונקט אַזוי, ווי ער באַקעמפט דאָס שטרעבן פון יעדער הערשנדיקער בורזשואַזיע מיט געוואַלט צו אַסימילירן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין דער געגעבענער מלוכה. בעת אָבער נאָרמאַלע באַציונגען און סאָלידאַרישקייט פירן צו אן אָרגאַנישן צונויפגיסן זיך פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע גרופּן, זעט דער ארבעטערקלאַס אין דעם נישט אין קיין נאַציאָנאַלן „פּאַראַט" און קען אזא פּרידלעבער אָרגאַנישער אַסימילאַציע האַלט דער ארבעטערקלאַס נישט פאַר נויטיק צו קעמפן.

דער יידישער ארבעטערקלאַס איז אַ יונגער היסטאָרישער כח, וואָס דאַרף ערשט אַנטפּלעקן זיינע שאַפונג־מעגלעכקייטן. אין דער אַטמאָספער פון דעם יידישן אָפּגאַנג, אין די בין־השמשות און יאוש־שטימונגען פון דער יידיש־באַלעבאַטישער וועלט, דערשיינט דער יידישער ארבעטער אלס טרעגער, פון אַלײן־באַוווסטן גלויבן אין זיך, פון אָפּטימיזם, פון מוט און גרייטקייט צו קרבנות פאַר דעם מעכטיקן קאָלעקטיוון אידעאַל, וואָס באַהעפט אים מיט די גרויסע וועלט־באַנייענדיקע פּראָצעסן, אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן פאַרנעם. דער גייסטיקער בליק פון דעם יידישן ארבעטער איז נישט פאַרנעפּלט דורך די טראַדיציאָנעל־אידעאַליסטישע טראַפּאַרעטן. דער פּאַטאָס פון קאַמף און פאַרנייַונג, פאַרט זיך באַם ארבעטער מיט אַ ניכטערער רעאַל־פּאָליטישער אָפּשאַצונג פון דער געזעלשאַפטלעכער אנטוויקלונג און פון אירע טרייבנדיקע כוחות. די יידישע ארבעטער־מאַסן זיינען דעריבער געווען אין רוסלאַנד פון די ערשטע, וואָס האָבן באַנומען די מאַטעריאַליסטישע אופפאַסונג פון דער געשיכטע און דעם מארקסיסטישן מעטאָד פון אנאַליזירן און לייזן די געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. און אויב אָט דער מעטאָד האָט באַ פאַרשיידענע גרופּירונגען פונם יידישן

אַרבעטערקלאַס געגעבן פאַרשיידענע רעזולטאַטן, איז דאָס אַ פועל־יוצא פון די קליינבירגערלעכע דורכשיכטונגען, וואָס האָבן מער אָדער ווייניקער באַיינפלוסט די אידעאָלאָגיע פון דעם יידישן אַרבעטער. די אנטוויקלונג פון דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס פירט דעריבער דורך דעם בהדרגהדיקן אפּוואַרפן די קליינבירגערלעכע עלעמענטן צו אַן אויסגעהאלטן פּראָלעטאַרישער קלאַסן־ליניע און איינגן קאָנטאַקט מיט דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם.

.IV

# קלאַסן און פּאַרטייען בײַ יידן.

קלאַס און פּאַרטיי. / די נאַציאָנאַליסטישע רעדאַקציע פון די בורזשואזע פּאַרטיי־פּראָגראַמען. / די קעגנזייטיקע ווירקונגען פון די קלאַסן אין דער בילדונג פון פּאַרטייען / די אייגנאַרטיקייטן פון דער יידישער קלאַסן־ און פּאַרטיי־סטרוקטור. / די סקאַלע פון די יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען.

יעדע סאָציאַלע און פּאָליטישע באַוועגונג האָט איר יסוד אין דער קלאַסן־סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט. יעדע פּאַרטיי פאַרטיידיקט באַשטימטע קלאַסן־אינטערעסן. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז דער פּאָליטישער ווירקונג־קרייז פון דער געגעבענער פּאַרטיי פאַלט אינגאַנצן צונויף מיטן סאָציאַל־עקאָנאָמישן שטח פון דעם אָדער יענעם קלאַס. און פון דער אנדער זייט, שטרעבט כמעט יעדע פּאַרטיי אַריינצוציען אין קרייז פון איר השפעה, וואָס מער שכנותדיקע סאָציאַלע גרופּירונגען. אָבער בײַ דער בילדונג פון יעדער פּאַרטיי שפּילט די הויפּטראָל אַ גאַנץ באַשטימטער קלאַסן־אינטערעס, וואָס דערשיינט אַלס העכסטער אָרגאַניזיר־פּרינציפּ פון דער גאַנצער פּאַרטיי־טעטיקייט. אָט דעם צענטראַלן קלאַסן־נערוו פון דער פּאַרטיי זיינען סוף־כל־סוף אונטערוואַרפן אַלע אייגנאַרטיקייטן פון פּאַרטיי־פּראָגראַם און פּאַרטיי־אידעאָלאָגיע.

דער קלאַסן־אינטערעס רופט אַרויס אַ קאָנקרעטן קלאַסן־ווילן. דער קלאַסן־ווילן באַקומט זיין אויסדרוק אין דער רעאַלער טעטיקייט פון דער קלאַסן־פּאַרטיי. די פּרינציפּן

פֿון דער פּאַרטײ־טעטיקײט װערן פֿאָרמולירט אין דער פּאַרטײ־
פּראָגראַם, װאָס צעפֿאַלט געװײנלעך אין דער אױפֿשטעלונג
פֿון דעם ענדציל און אין דער אָנװײזונג פֿון די װעגן און מיטלען,
װאָס פֿירן צום ענדציל. דער רעאַלער הױפּטציל פֿון דעם געגע־
בענעם קלאַס באַקומט נישט שטענדיק זײַן אַדעקװאַטן אױסדרוק אין
די פֿאָרמולירונגען פֿונם פּאַרטײ־פּראָגראַם און באַזונדערש פֿונם ענדציל.
די פּראָגראַם־פּראָזעאָלאָגיע פֿאַרדעקט אָפֿט אַזאַ קאָנקרעטע טע־
טיקײט, װאָס פֿירט אין תּוך, צו גאַנץ אַנדערע צילן.
אין דעם פּרט קאָן קאָנסטאַטירט װערן אַ טיפֿער אונטער־
שײד צװישן די פּראָגראַמען פֿון די הערשנדיקע און אונטער־
דריקטע קלאַסן. פּאַרטײען שטרעבן אָדער צו קאָנסערװירן, אָדער
איבערצואַנדערשן דעם סאָציאַל־פּאָליטישן בױ פֿון דער געזעלשאַפֿט.
אינם ענדציל פֿון פּאַרטײ־פּראָגראַם װערט פֿאָרמולירט די סאָציאַל־
פּאָליטישע אַנטיטעזע פֿונם סטאַטוס־קװאָ, װעלכן די געגעבענע
פּאַרטײ װיל גובר זײַן. בעת דער װילן פֿון דעם געגעבענעם קלאַס
איז באמת געװענדט אַף איבערבײַען די געזעלשאַפֿט אַף נײַע
יסודות. דאַמאָלסט איז אינם ענדציל פֿון זײַן פּאַרטײ אַדעקװאַט
ד. ה. פֿולװערטיק אױסגעדריקט דאָס פּאַקטישע עיקר־שטרעבן פֿונם
קלאַס און פֿון זײַן פּאַרטײ. דעריבער בעת אַ קלאַס שטרעבט
באמת גובר צו זײַן דעם סטאַטוס־קװאָ, פֿאָרמולירט ער אין זײַן
פּאַרטײ־פּראָגראַם אַ רעאַלן ענדציל, צו װעמעס פֿאַרװירקלעכונג
עס איז פּאַקטיש צוגעפּאַסט זײַן גאַנצע פּאַרטײ־טעטיקײט. דערבײַ
איז דער פּראָגראַם־מינימום, ד. ה. די נאָענטסטע קעגנװאַרט־
אַרבעט פֿון דער פּאַרטײ, דער דירעקטער װעג, װאָס פֿירט
בהדרגה צום פּראָגראַם־מאַקסימום. ענדציל און באַװעגונג, פּראָג־
ראַם־מאַקסימום און פּראָגראַם־מינימום געפֿינען זיך דאַמאָלסט אין
האַרמאָנישן צוזאַמענקלאַנג.

בײַ די פּאַרטײען, װאָס פֿאַרטרעטן די אינטערעסן פֿון די
הערשנדיקע קלאַסן פֿעלט אינגאַנצן אָט די האַרמאָניע צװישן
ענדציל און װעגן, צװישן פּראָגראַם־מאַקסימום און פּראָגראַם־מיני־
מום. זײ שטעלן זיך נישט דעם ציל גובר צו זײַן דעם סטאַטוס־
קװאָ, נאָר אים, אין דעם אָדער יענעם פּרט, מער צוצופּאַסן צו

זייערע קלאַסן־באַדערפעניש], דערבײַ איז עס נישט אין זייערע אינטערעסן אָפּן אויפצודעקן זייער קלאַסן־כאַראַקטער. דאָס וואָלט אָפּגעשטויסן אַלע אַנדערע סאָציאַלע גרופּן און פאַרלייכטערט דעם קאַמף קעגן זיי מצד זייערע סאָציאַלע אַנטאַגאָניסטן. דאָס איז די הויפּט־סיבה, פאַרוואָס די הערשנדיקע קלאַסן פאָרמולירן זייערע פּאַרטיי־פּראָגראַמען במעט שטענדיק אין אַ כּלל־רעדאַקציע, וואָס דאַרף אַרויסרופן די פאָרשטעלונג וועגן דער אבליגאַטאָריש־קייט פון זייער פּראָגראַם פאַר אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. די קלאַסן, וואָס ווילן אין תּוך פּאַרפּעסטיקן די געגעבענע געזעל־שאַפטלעכע אָרדנונג, באַנוצן זיך באַם פאָרמולירן פון זייער פּאַרטיי־פּראָגראַם מיט דער נאַציאָנאַליסטישער פראזעאָלאָגיע אַרויסשטעלנדיק בלומרשט אַלגעמיינע ענדצילן, וואָס פאַרדעקן אָבער גאַנץ רעאַלע, ספּעציפישע קלאַסן־כּוונות.

פּאַרטייען זיינען דער פּאָליטישער כּלי־זין אינם קאַמף פון די קלאַסן פאַר דער מאַכט. יעדע פּאַרטיי שטרעבט דעריבער צו העגעמאָניע, צו הערשאַפט איבער אַלע איבעריקע קלאַסן און פּאַרטייען. אָט דאָס שטרעבן צו העגעמאָניע ווערט אין דער ווירקלעכקייט דערלייכטערט דורך דער סאָציאַלער דיפוזיע ד. ה. דורך די שטאַרקע סאָציאַלע און פּאָליטישע קעגנזייטיקע איינוויר־קונגען פון די שכנותדיקע סאָציאַלע גרופּן. די דינאַמיק פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג ענדערט שטענדיק די גרענעצן צווישן די פאַרשיידענע קלאַסן און שאַפט אַלץ נייע מעגלעכקייטן פון סאָציאַל־פּאָליטישע קעגנזייטיקע ווירקונגען און קאָמבינאַציעס.

די רעאַלע קאַמף־קאָניונקטור אין דער געגעבענער געזעל־שאַפט באַשטימט אויך אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס די פּאַרטיי־פּאָ־ליטישע באַציונגען אין דער געזעלשאַפט. אין סאָציאַל־פּאָליטישן קאַמף זוכן שכנותדיקע גרופּן אָן אָנלען איינער באַם אנדערן, דער שטאַרקערער זוכט צו באַיינפלוסן דעם שוואַכערן שכן. די גרויס־ און מיטלבורזשואַזע ריכטונגען פאָרמולירן דעריבער זייערע פּראָגראַמען און פּראַזעאָלאָגיעס אַזוי, אַז מען זאָל קאָנען פאָרמעל אַריינ־נעמען אין זיי אויך די אינטערעסן פונם קליינבירגערטום און דער אַרבעטערשאַפט. דער קליינבירגער פאָרמולירט זיין פּראָג־

ראָס מיט אַזאַ באַרעכנונג, אַז ער זאָל זיך קאָנען אָנשפּאַרן אָן דעם שטאַרקערן מיטלבירגערלעכן שיכט אָדער אַן דעם אַרבעטער־קלאַס, לויט אומשטענדן פון דער קאָנקרעטער סיטואַציע. דער פּראָ־לעטאַריאַט ווידער, אַרויסשטעלנדיק זיינע פּאַרטיי־פאָדערונגען רעכנט זיך אָפט באַ זייער פאָרמולירונג מיט די אינטערעסן פון די צאָלרייכע קליינבירגערלעכע שיכטן.

אָט די אַלגעמיינע פּרינציפּן העלפן אונז זיך פונאַנדערצו־קלייבן אין דער אידעאָלאָגיע און פּראַזעאָלאָגיע פון די פאַרשיידע־נע יידישע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, אַרויסצושיילן אין זיי דעם רעאַלן תוך פון דער ניט־עיקרדיקער סאָציאַל־פּאָליטישער אָרנאַמענטאַציע און קאָסמעטיק.

די עקאָנאָמישע טעטיקייט פון די יידן קומט פאָר אַף אַסך אַ שמעלערן שטח, ווי באַ דאָס רוב אַנדערע פעלקער. זי שליסט איין אין זיך כמעט נאָר שטעטישע סוחריש־פּאַרמיטלערישע פונקציעס. לאַנדווירטשאַפט און פּויערטום פעלן כמעט אינגאַנצן. עס פעלן אויך די אינדוסטריען, וואָס האָבן אַ דירעקטן שייכות צו דער עקספּלאָאַטאַציע און באַאַרבעטונג פון די ערד־רייכטימער. דער סאָציאַלער אונטערשייד צווישן דעם רייכערן און אָרימערן סוחר אָדער פאַרמיטלער, טראָגט מער אַ כמותדיקן, ווי אַן איכותדיקן כאַראַקטער. באַ אָט די סאָציאַלע שיכטן זיינען דעריבער די קלאַסן־גרענעצן נישט אַזוי בולט. צווישן איין קלאַס און דעם צווייטן זיינען פאַראַן אָנצאָליקע סאָציאַלע צווישן־מדרגות. אָט די אַלע אייגנאַרטיקייטן פון דער יידישער קלאַסן־סטרוקטור פאַרלייכטערן די סאָציאַל־פּאָליטישע דיפוזיע צווישן די יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען, באַזונדערש פון שכנותדיקע סאָציאַלע גרופּן. די הויפּט־אייגנאַרטיקייט אָבער, פון דער יידישער פּאַרטיי־סטרוקטור ליגט אין דעם, וואָס די יידן בילדן אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט צווישן די אַרומיקע פעלקער. דאָס שאַפט פאַר די גרופּן פון דער יידישער מינדערהייט אַן אַלזייטיקע און טיפע אָפּהענגיקייט פון דער אַרומיקער מערהייט־סביבה.

די צאַרישע פּאָליטיק פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג האָט זיך מיט אַ באַזונדערער שווערקייט געלייגט אַף די פּלייצעס פון

די יידישע מאַסן. דער נאַציאָנאַלער דרוק האָט געהאַט אַ באַ־דייטנדיקן איינפלוס הן אויף די קעגנזייטיקע באַציונגען פון די קלאַסן אין דעם יידישן פאָלק, הן אויף דער אויסבילדונג פון די פּאַרטיי־פּראָגראַמען. מער פון אַלע האָבן געליטן פון די נאַציאָ־נאַלע רדיפות די אַרבעטנדיקע מאַסן, און ווייניקער פון אַלעמען— דאָס בירגערטום, באַזונדערש די יידישע גרויס־בורזשואַזיע. עקאָנאָמיש האָבן די העכערע שיכטן פון דער יידישער בורזשואַזיע כמעט נישט געשפּירט דעם דרוק פונם צאַריזם. אויך פּאָליטיש האָבן די רעאַקציאָנערע רדיפות זיי ווייניק געטראָפן. וואָס שייך דער פּאָלי־טיק פון קולטורעלער צוואַנג־אַסימילאַציע מצד דער רעגירונג, איז זי אין אַלגעמיין צונויפגעפאַלן מיט די אינטערעסן פון דער יידישער בורזשואַזיע גופא. און וואָס נידעריקער די געגעבענע שיכט האָט זיך געפונען אויף דעם סאָציאַלן לייטער, אַלץ מער האָט זי געשפּירט אויף זיך הן עקאָנאָמיש, הן פּאָליטיש און קול־טורעל די שווערע לאַסט פון דער צאַרישער רעאַקציע, צו וועל־כער עס איז נאָך צוגעקומען די אונטערדריקונג מצד דער איי־גענער נאַציאָנאַלער בורזשואַזיע. ליידנדיק פּאַקטיש ווייניקער פון אַלעמען פון דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, האָט די יידישע בורזשואַזיע ברייט אויסגענוצט די אנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון דער רעגירונג פאַר אירע אייגענע קלאַסן־אינטערעסן. אַרויס־טרעטנדיק אַלס בלומרשטער פאַרטיידיקער פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק קעגן די צאַרישע רדיפות, האָבן אַלע ריכטונגען פון דער יידישער בורזשואַזיע זייערע פּאַרטיי־פּאָליטישע כוונות פאַרדעקט מיט אַזאַ געדיכטן נאַציאָנאַליסטישן שלייער, וואָס האָט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס זיי מיטגעהאָלפן איינצוהאַלטן אונטער זייער השפּעה די ברייטסטע אויך האַרעפּאַשנע יידישע מאַסן. דאָס האָט מעגלעך געמאַכט דער יידישער בורזשואַזיע אין נאָמען פון די באַדרויטע בלומרשטע נאַציאָנאַלע אינטערעסן צו פאָדערן, אַז די רעאַלע קלאַסן־אינטערעסן זאָלן אונטערוואַרפן ווערן דעם בורזשואַזן פאַנטאָם פון אויסגעטראַכטע כלל־אינטערעסן. די פּאָליטיק פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג האָט אויף אַזאַ אופן מיטגעהאָלפן דער

יידישער בורזשואַזיע צו פאַרנעפּלען אויך די אידעאָלאָגיע פון פאַרשיידענע ריכטונגען אין דעם יידישן אַרבעטערקלאַס.

אָט די אייגנאַרטיקע באַציונגען צווישן קלאַס און נאַציע אינעם יידישן פּאָליטישן לעבן לייגן אַרויף אַ באַזונדערן שטעמפּל אַף דער אויסבילדונג און פאָרמולירונג פון אַלע יידישע פּאַרטיי=פּראָגראַמען.

די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ און דער אַנטיסעמיטיזם מאַכן דעם יידן אין די קאַפּיטאַליסטישע מלוכות פאַר אַ בירגער פון צווייטער מדרגה. זיי שטופּן אים אָפּ אַף אַזוי ווייט פון דעם מלוכה=רודער, אַז די פּאַרטייען פון דעם יידישן בירגערטום קאָנען פּאַקטיש נעמען נאָר אַן אומדירעקטן אָנטייל אינם קאַמף פאַר דער מאַכט. זיי שפּילן דערביי די ראָל פון משרתים בײַ די פּאָ=ליטישע פּאַרטייען פון דער הערשנדיקער מערהייט. דאָס איז אויך די סיבה פון דעם, וואָס די יידישע בורזשואַזע פּאַרטייען פאָרמולירן אין זייערע פּראָגראַמען אַלס ענדציל די שאַפונג פון אַזעלכע עפנטלעך=רעכטלעכע פּאָליטישע תנאים, בײַ וועלכע זיי זאָלן קענען קומען דירעקט צו דער מאַכט. די אַסימילאַטאָרן שטרעבן דורך אויפלייזונג פון דער יידישער נאַציע אַלס קאָלעקטיוו, זיך דירעקט פּאָליטיש איינצוגלידערן אַלס יחידים אין דער הערשנדיקער מער=הייט. די ציוניסטן און טעריטאָריאַליסטן שטרעבן צו דער מאַכט דורך דער שאַפונג פון אַ פּאָליטיש=זעלבשטענדיקער יידישער נאַציע. די פאָלקיסטן ווילן דערגרייכן דעם אייגענעם ציל אויס=טיילנדיק די יידן אַלס פּאָליטיש=אַוטאָנאָמען טייל פון די אַרומיקע מערהייט=פעלקער. די אַוטאָנאָמיע דערשיינט דאָ אַלס מלוכה=סוראָגאַט.

דער מאָמענט פון אויסערלעכער פּאָליטיק, די באַציונג פון דער געגעבענער נאַציאָנאַלער גרופּע צו די אַרומיקע פעלקער, וואָס שטייט בײַ די פּאַרטייען פון די מערהייט=פעלקער אַפן צווייטן פּלאַן, שטופּט אָפּ אַפן הינטערפּלאַן פאַר דעם גרעסטן טייל פון די יידישע סאָציאַלע גרופּן די פראגן פון דער אינעווייניק=סטער יידישער פּאָליטיק. און צוליב דעם ווערט די אויסן=פּאָליטיק דער סימן=מובהק פון די פאַרשיידענע יידישע פּאַרטייען, אין

דעם פּרט האָבן זיך אין דער ייִדישער בירגערלעכער געזעלשאַפטלעכקייט אָנגעמערקט צוויי היפּאָבדיקע אָרגאַניזיר־פּרינציפּן פון זייער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק: דער סעפּאַראַטיזם — די נאַציאָנאַליסטישע קאָנצענטראַציע בײַ די אונטערשטע שיכטן פון דער בורזשואַזיע, און די אסימילאַציע אָדער נאַציאָנאַלע צעזייונג און פאַרשווינדונג אויף אירע אויבערשטע שטאַפּלען.

דער הויפּט־אימפּעט פון דעם ייִדישן בירגערטום אין אַלע זיינע שאַטירונגען איז געווענדט אויף פאַרגרעסערן דעם אָנטייל אין מערוועט. די ייִדישע גרויסבורזשואַזיע זעט דעם וועג צו אָט דעם ציל אין דער איינגלידערונג און צונויפגיסונג פון די ייִדן מיט דער אַרומיקער נאַציאָנאַלער מערהייט. די אַסימילאַציע ווערט דערבײַ דערהויבן אין אַ געוויסער מאָס צו אַן ענדציל מצד דער ייִדישער פלוטאָקראַטיע. דער אַלט־פרענקיש גבירישער טייל פון דער ייִדישער בורזשואַזיע זעט די פאַרפעסטיקונג פון זיינע סאָציאַלע פּאָזיציעס אין דעם צוים פון די רעליגיעזע טראַדיציעס. דעריבער ווערט די אָרטאָדאָקסיע די אידעאָלאָגיע פון ייִדישן תּקיף און בעל־גוף. דער גאַנצער ייִדישער מיטלשטאַנד וואַקלט זיך צווישן נאַציאָנאַליזם און אַסימילאַציע; די וואַקלענישן באַקומען זייער אויסדרוק אינם ציוניזם מיט זיין נאַציאָנאַליסטיש־קלינגענדיקן „ענדציל“ און אסימילאַטאָרישער פּראַקטיק.

די אייגענע סתירה שפּילט זיך אָפּ אויף אַ נידעריקערער סאָציאַלער מדרגה אינם קליינבירגערלעכן טעריטאָריאַליזם מיט דער נאַציאָנאַליסטישער קאָנצענטראַציע אַלס ענדציל און דער פּלוטאָקראַטישער עמיגראַציע־צעזייונג אין דער פּראַקטיק. פאַר דעם ייִדישן קליינבירגער זיינען אַלע וועגן צום ריוח פאַרשווערט און פאַרשטעלט, וואַרפט ער זיך דעריבער אומבאַהאָלפן אין אַלע זייטן — זיין אידעאָלאָגיע ווערט דער „אינטעגראַל“־נאַציאָנאַליסטישער פּאָלקיזם. דער ייִדישער אַרבעטער איז דורך אַנצאָליקע פעדים צונויפגעבונדן מיטן קליינבירגער. ווערט דער אַלגעמיין־סאָציאַליסטישער ענדציל פון דעם ייִדישן אַרבעטער־קלאַס, באַזונדערש אין זיינע קליינבירגערלעך־אָריענטירטע שיכטן, פּאַראַליזירט און אָפּגעשטופּט אויף נאַציאָנאַליסטישע וועגן:

דועלי-ציוניזם, סײמיזם, ס.ס.-יזם, בונדיזם — פֿאָס זײַנען די הויפּט-ריכטונגען אין דער ײדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ווו דער פּראָלעטאַרישער אויסגעהאַלטנקײט קומט אויס צו קעמפֿן מיט אַ מער אָדער ווײניקער באַדײטנדיקער קלײנבירגערלעך-נאַציאָנאַליסטישער צעשוומענקײט. אין אַלגעמײן איז עס אַ סקאַלאַ מיט אַלץ פֿאַלנדיקער בײמישונג פֿון קלײנבירגערלעכן נאַציאָנאַליזם און אַלץ וואַקסנדיקער ראָל פֿון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם.

אַפֿן כאַראַקטער פֿון די ײדישע פּאַרטײ-גרופּירונגען ווירקן נישט נאָר די אײגנאַרטיקײט פֿון דער אינעווײניקסטער קלאַסן-סטרוקטור און די מינדערהײט-לאַגע פֿון די ײדן, נאָר אויך דער פֿאַקט, וואָס די ײדן לעבן צעזײט כמעט צווישן אַלע קולטור-פֿעלקער, און וואָס צווישן די ײדן פֿון פֿאַרשײדענע לענדער קומען שטענדיק פֿאָר מער אָדער ווײניקער אינטענסיווע קעגנזײטיקע אײנווירקונגען. עס איז דעריבער נויטווענדיק זיך צו פֿאַנאַנדערקלײבן אינם קאָנקרעטן אינהאַלט פֿונם באַגריף „ײדישע נאַציע" אַלס די אַרענע, אויף וועלכער עס שפּילט זיך אָפּ די טעטיקײט פֿון די אײנצלנע ײדישע פּאָליטישע ריכטונגען.

## V.

# די „אַלוועלטלעכע" ײדישע נאַציע.

די יידן בילדן נישט קיין טעריטאָריאַלע און נישט קיין מלוכהשע אייניקייט / די רעליגיע איז נישט קיין נאַציע-בינדנדיקער פֿאַקטאָר | די ראַסע שאַפֿט נישט קיין נאַציאָנאַלע אייניקייט / קולטור- און שפּראַך-מחיצות צווישן די יידן פֿון פֿאַרשיידענע לענדער / דאָס סוביעקטיווע נאַציאָנאַלע באַוווסטזיין נויטיקט זיך אין אַן אָביעקטיווער דערקלערונג / דער „נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין" אַלס פּסעוודאָנים פֿאַר בירגערלעכע קלאַסן-אינטערעסן / ניטאָ קיין אַלוועלטלעכע יידישע אינטערעסן, באַדערפֿעניש, נאַציאָנאַלע אידייען, נאַציאָנאַלע צילן, נאַציאָנאַלער ווילן.

דער באַגריף ײדן ווערט אויך אין דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור אָנגעווענדט צו יחידים, וואָס לעבן צעזײט אין פֿאַר-

שיידענע לענדער, אין פאַרשיידענע מלוכות און צווישן פאַרשיידענע פעלקער. צו ווערט מיט דעם באַגריף „יידן“ באַצייכנט אַ פשוטער סכום פון יחידים, אָדער אַ געוויסער קאָלעקטיוו, אין וועלכן די יחידים זיינען צונויפגעבונדן צווישן זיך דורך די אָדער יענע געזעלשאַפטלעכע פעדים? און אויב די יידן בילדן אַ געוויסע איינהייט אינם צווישנמלוכהשן און אינטערנאַציאָנאַלן זין, טאָ אין וואָס באַשטייען קאָנקרעט די פעדים, וואָס בינדן צונויף די יידן־יחידים אין איין איינהייט?

עס האַנדלט זיך אין געגעבענעם מאָמענט וועגן אן ערך 15,000,000 מענשן, וואָס זיינען פאַרטיילט כמעט איבער דער גאַנצער ערד־פלאַך. די באַדייטנדיקסטע יידישע ישובים אנטוויקלען זיך בײַ אַזוינע פאַרשיידענע סאָציאַל־פּאָליטישע תנאים, ווי אין די פאַרייניקטע שטאַטן פון צפון־אמעריקע, פוילן און רוסלאַנד. עס פעלט דאָ אינגאַנצן, ווי די געאָגראַפיש־טעריטאָריאַלע, אזוי אויך די מלוכהש־פּאָליטישע איינהייט. דעריבער קאָן בנוגע די יידן דער באַגריף נאַציע, אין זיין פּאָליטישער באַדייטונג, ווי ער ווערט געברויכט אין די שפּראַכן פון דאָס רוב קולטור־פעלקער, ווי אין ענגליש, פראַנצויזיש א. א. וו., נישט געברויכט ווערן. אַז דאָ קאָן קיין רייד נישט זיין, נישט וועגן עקאָנאָמישער און נישט וועגן פּאָליטישער אינטערעסן־געמיינזאַמקייט איז איבעריק צו דערווייזן.

אויך די יידישע רעליגיע קאָן נישט אָנערקענט ווערן אלס פאַקטאָר, וואָס פאַרייניקט די יידן אין אלוועלטלעכן פאַרנעם; קודם־כל געפינט זיך אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג נישט מער אונטער דער השפּעה פון דער יידישער אמונה, און דער טייל יידן — דער עיקר מיטל־ און קליינבירגערלעכע, וואָס זיינען נאָך אזוי אָדער אַנדערש באַהעפטעט מיט דער רעליגיעזער טראַדיציע, זיינען אין דער באַהאַנדלטער תקופה אויך נישט פאַרייניקט צווישן זיך אין איין אַלוועלטלעכער קאָנפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע. די אָפּגעשוואַכטע אמונה־פעדים, וואָס האַלטן נאָך מער־ווייניקער צוזאַמען געוויסע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פאַרשיידענע לענדער, קאָנען דעריבער

בשום אופן נישט באַטראַכט ווערן אַלס צעמענט פאַר אַן אַל־וועלטלעכער יידישער ג ע מ יי נ ש אַ פ ט.

עס איז, פאַרשטייט זיך, אויך נישט מעגלעך צו ריידן וועגן דער יידישער ר אַ ס ע אַלס מאָמענט, וואָס פאַראייניקט די יידן פון דער גאַנצער וועלט. די „ריינע ראַסע" איז אין אַ געוויסן זין בכלל אן אבסטראַקציע, און לויטן ראַסן־סימן אליין קאָנען צווישן די מאָדערנע אייראָפּעישע פעלקער קיינע באַשטימטע גרעַנעצן נישט געצויגן ווערן. בא די יידן, וואָס לעבן אין פאַרשיידענע געאָגראַפישע און באַזונדערש קלימאַטישע באַדינגונגען, האָבן זיך אויסגעבילדעט געוויסע פיזישע אייגנשאַפטן, וואָס דערנענטערן זיי צו דער איבעריקער אָרטיקער באַפעלקערונג. אַף וויפיל אָבער צווישן די באַדייטנדיקערע יידישע ישובים, קומט פאָר אַ שטענדיקער מענטשן־ און קולטור־אויסטויש, זיינען פאָרט פאַרבליבן געוויסע פסיכאָ־פיזיאָלאָגישע סימנים, וואָס מאַכן מעגלעך אויסצוטיילן אַזוי אָדער אַנדערש, די יידן פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג. יערנפאַלס זיינען די פסיכאָ־פיזיאָלאָגישע ראַסן־סימנים אַף אַזויפיל אומבאַשטימט און אין געזעלשאַפטלעכן פּרט נישט וועזנטלעך, אַז אויך לויט דעם סימן קאָנען די יידן נישט אויסגעטיילט ווערן אַלס אינטערנאַציאָנאַלע געמיינשאַפט.

באַטראַכטן מיר די יידן פון ק ו ל ט ו ר ע ל ן שטאַנדפונקט, געפינען מיר אויך אין דעם פּרט טיפע און באַדייטנדיקע פאַרשיידנהייטן צווישן די יידישע קבוצים אין פאַרשיידענע לענדער. אַף וויפיל געוויסע טיילן פון יידישן פאָלק האָבן איבערגעלעבט אַ געמיינזאַמען היסטאָרישן גורל, האָבן זיך בא זיי אויסגעבילדעט געוויסע איינהייטלעכע קולטור־אינהאַלטן—זכרונות, מנהגים, לעבנ־שטייגער. דאָס פאַרשלאָסענע געטאָ־לעבן האָט פאַרשטאַרקט די קולטורעלע אָפּגעזונדערטקייט פון די יידן. אָבער וואָס מער די גלייכבאַרעכטיקונג ברייגנט זיי אין באַרירונג מיט דער אַרומיקער סביבה, נעמען זיי אָן וואָס ווייטער אַלץ מער, אויך דעם קולטור־פּרצוף פון די אַרומיקע נאַציעס. צווישן די יידן פון די פאַרשיידענע לענדער באַשטייען איצט אַזעלכע באַדייטנדיקע קולטורעלע מחיצות, אַז אויך וועגן דער קולטור־איינהייט פון די יידן אין דער גאָרער וועלט קאָן קיין רייד נישט זיין.

איינע פון די באַדייטנדיקסטע פאַרבינדונג־מיטלען, וואָס באַהעפטן יחידים אין אַ קאָלעקטיווער איינהייט, בילדעט די *שפראך*. די מערב־אייראָפּעישע אידן האָבן זיך אינגאַנצן אין דעם פּרט באַהעפט מיט די אַרומיקע פעלקער. און אויך אין מזרח־אייראָפּע האָבן זיך באַדייטנדיקע שיכטן פון דער ידישער באַפעלקערונג אין זין פון שפּראַך, אָפּגעזונדערט פון דער ידישער מאַסע און אָנגענומען די אָרטיקע נאַציאָנאַלע שפּראַך — רוסיש, פּויליש א. א. וו. אמת, באַדייטנדיקע שיכטן פון דער ידישער באַפעלקערונג אין מזרח־אייראָפּע: רוסלאַנד, אוקראַינע, פּוילן, רומעניען, ליטע און איר אַמעריקאַנישער אָפּצווייג, ווערן פאַרייניקט דורך דער געמיינזאַמער ידישער שפּראַך, אויך אָט דער באַדייטנדיקער פאַקטאָר — די געמיינזאַמע שפּראַך, נעמט אָף אַזאַ אופן נישט אַרום די ידן פון פאַרשיידענע לענדער. וועגן דער טויטער העברעישער שפּראַך, וואָס ווערט פון ציוניסטישן מיטלשטאַנד אַרויסגערוקט אַלס בלומרשטער קולטורעלער בינדונג־מיטל פאַר זייער „וועלט־ידנטום“, קאָן דאָ, פאַרשטייט זיך, אַלס רעאַלן פאַקטאָר נישט ערנסט גערעדט ווערן. דערביי איז כדאי אָנצומערקן, אַז דער קרייז ידן, וואָס ווערט אַרומגענומען דורך דער רעליגיעזער השפּעה, פאַלט נישט צונויף, מיט דעם קרייז, וואָס ווערט פאַרייניקט דורך דער געמיינזאַמער ידישער שפּראַך, ליטעראַטור און קונסט.

*מיר קומען אָף אַזאַ אופן צום אויספיר, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין איין אָביעקטיווער פאַקטאָר, וואָס זאָל צונויפבינדן די ידן פון דער גאַנצער וועלט אין אַן איינהייטלעכן קאָלעקטיוו אין דעם אָדער יענעם פּרט.* און פאָרט מוז עס אָנערקענט ווערן אַלס פאַקטישע פּסיכאָלאָגישע דערשיינונג, אַז עס איז פאַראַן אַ באַדייטנדיקע צאָל יחידים אין פאַרשיידענע לענדער, וואָס אָנערקענען זיך און ווערן אויך פון די אַרומיקע אָנערקענט אַלס ידן, ד. ה. אַלס געוויסע, פון די אַנדערע פעלקער אָפּגעזונדערטע גרופּע. אמת, דאָס איז אַ *סוביעקטיווע* פּסיכאָלאָגישע דערשיינונג, וואָס דריקט זיך

אויס אין דעם אזוי גערופענעם נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין פון איין זייט און נאַציאָנאַלע אָנערקענונג מצד די אַרומיקע פעלקער, פון דער אַנדער זייט. די פראַגע באַשטייט אָבער אין דעם, וואו געפינט זיך דער אביעקטיווער יסוד פון אָט די סובּיעקטיווע מאָמענטן.

די באַהאַנדלונג פון באַגריף „נאַציע" אין דער סאָציאָלאָגישער ליטעראַטור, איז געקומען צום אַלגעמיינעם אויספיר, אַז דער סימן מובהק פון דער נאַציע איז נישט קיין אָביעקטיווער.

אַ נאַציע, הייסט עס, איז אַ גרופּע פון יחידים, וואָס פילן זיך אַלס איינהייטלעכע נאַציע, און בּאַ וועלכע עס האָט זיך אַלס פּועל־יוצא דערפון אויסגעאַרבעט דער געמיינזאַמער נאַציאָנאַלע באַוווּסטזיין. פאַר אַ מאַרקסיסט איז אָט דער נאַציאָנאַלער באַוווּסטזיין, פאַרשטייט זיך, ניט קיין דערקלערונג פון דער נאַציאָנאַלער געמיינשאַפט, נאָר עפּעס, וואָס נויטיקט זיך אַליין אין דערקלערונג. פּינקט ווי די קאַפּיטאַליסטישע מלוכה איז דער פּאָליטישער צוואַנג־אַפּאַראַט, דורך וועלכן די בּורזשואַזיע בּאַהערשט די ברייטע מאַסע,—אַזוי איז אויך די קאַפּיטאַליסטישע נאַציע דער סכום פון קולטורעל־פּסיכאָלאָגישע נאָרמען, וואָס העלפן מיט דער בּורזשואַזיע גייסטיק צו בּאַהערשן די פאָלקמאַסן.

און פּונקט ווי די צוגעהעריקייט צו אַ בּאַשטימטער מלוכה לייגט נישט אַרויף אַפן פּראָלעטאַריאַט קיין פּאַטריאָטישע התחייבותן, אזוי איז אויך די צוגעהעריקייט צו אַ בּאַשטימטער נאַציע נישט נויטווענדיק פאַרבּונדן מיט דער נאַציאָנאַליסטישער פאַרקריפּלונג פון דער פּראָלעטאַרישער קלאַסן־אידעאָלאָגיע. ווייל פּאַטריאָטיזם און נאַציאָנאַליזם זיינען אידעאָלאָגיעס, וואָס זיינען אין ערשטער שורה געווענדט קעגן די אינטערעסן פונם אַרבּעטער־קלאַס. אונטער דער פאָן פונם נאַציאָנאַלן בּאַוווּסטזיין גיט זיך דער בּורזשואַזיע לייכטער איין אָנצובינדן אירע סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע קלאַסן־אינהאַלטן די ברייטסטע מאַסן. פאַקטיש אָבער, האָט יעדער קלאַס פון דער געגעבענער נאַציע זיין באַזונדערן בּאַוווּסטזיין מיט אַ געוויסן קלאַסן־אינהאַלט, וואָס ווערט בּאַשטימט דורכן עקאָנאָמיש־פּאָליטישן זיין פון אָט דעם

קלאַס. פּונקט, ווי עס איז אָביעקטיוו נישטאָ קיין עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינטערעסן־געמיינשאַפט פון דער נאַציע, אַזוי איז אויך אָביעקטיוו נישטאָ קיין געמיינזאַמער נאַציאָנאַלער רעכט־באַוווסטזיין און קיין געמיינזאַמער באַוווסטזיין פון דער נאַציע אַלס גאַנצע בכלל.

די באַדינגונגען אין וועלכע עס לעבן די יידישע מאַסן, האָבן אין אסך פּרטים מיטגעהאָלפן דער יידישער בורזשואַזיע זיי אָנצובינדן אירע קלאַסן־אינהאַלטן אונטער דעם נאָמען „יידיש־נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין". די היסטאָרישע טראַדיציעס, די נאַציאָנאַליסטישע רדיפות, די דאָמינירנדיקע פאַרמיטלער־ראָל פון די יידישע ישובים צווישן די איבעריקע פעלקער און באַזונדערש די קאָנצענטרירונג פון באַדייטנדיקע יידישע מאַסן אין אַ הויפּט־ישוב, וואָס שפּילט בנוגע צו די אַנדערע קלענערע ישובים די ראָל פון אן אָנפירנדיקער מעטראָפּאָליע, — דאָס אַלץ בילדעט דעם אָביעקטיוון יסוד, אַף וועלכן עס האָט זיך מעכטיק פאַנאַנ־דערגעבליט דער פאָרורטייל וועגן נאַציאָנאַלער אינטערעסן־געמיינ־שאַפט און נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין.

די פראַגע וועגן דער יידישער נאַציע קאָן נישט אַוועקגע־שטעלט ווערן מעטאַפיזיש, מחוץ פון צייט און רוים, ווי דאָס טוען אַלע אידעאָלאָגן פונם יידישן נאַציאָנאַליזם. נאָר זי מוז באַ־האַנדלט ווערן קאָנקרעט — ד י אַ ל ע ק ט י ש. אין דעם זין קומט אין באַטראַכט דאָס לעבן פון באַדייטנדיקע יידישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע (פּוילן, אוקראַינע, רומעניע, רוסלאַנד, ליטע, גאַ־ליציען) אין משך פון די לעצטע יאָרהונדערטן. אין דעם מזרח־אייראָפּעישן מאַסן־צענטער איז פאָרגעקומען די סאָציאַלע דיפערענצי־רונג פון דעם סוחריש־פאַרמיטלערישן יידישן בנין, דער איבער־גאַנג פון אַ באַדייטנדיקן טייל זיינעם צו פּראָדוקטיווע באַשעפטי־קונגען און צו אַקטיווער באַטייליקונג פון די יידישע מאַסן אינם אנטוויקלען די פּראָדוקטיווע כוחות. דער אָפּגעזונדערטער געטאָ־לעבן פון די יידישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע איז דער יסוד אַף וועלכן ס'האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט דער יידישער „נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין". דאָס לעבן פון די יידישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע

ווערט כאַראַקטעריזירט דורך דעם, וואָס די גרעסטע מער־
הייט פון זיי פאַרשטענדיקט זיך אין משך פון דורות אין איין
יידישער שפּראַך, האָט אַ געמיינזאַמען היסטאָריש־אויסגעאַרבעטן
לעבנשטייגער און וואָס אַ גרויסער טייל פון זיי געפינט זיך אונ־
טער דער השפעה פון דער אַלטער יידישער אמונה, און האַלט
זיך בּאַ דעם טראַדיציאָנעלן יידישן ריטואַל. דיראָזיקע היסטאָ־
רישע ירושה איז אַ פועל־יוצא פון די געמיינזאַמע אייגנאַרטיקע
סאָציאַל־עקאָנאָמישע און פּאָליטישע תנאים אין וועלכע די מזרח־
יידן איז אייסגעקומען צו לעבן אין משך פון די לעצטע הונדער־
טער יאָרן. דער גרעסטער טייל פון די מזרח־יידן האָט זייט
דורות געלעבט אונטער איין מלוכה־רעזשים. אַף וויפיל אָבער
געוויסע טיילן פון דעם מזרח־יידנטום האָבן געלעבט בּאַ אַנדערע
פּאָליטישע באַדינגונגען ווי למשל, אין גאַליציען און רומעניען, זיינען די
סאָציאַל־עקאָנאָמישע יסודות פון זייער לעבן געווען מער אָדער
ווייניקער ענלעך. אין אָט דעם מזרח־אייראָפּעישן געטאָ און אַרום
אים האָט זיך געשאַפן יענער סכום סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע שטי־
מונגען, וואָס גיבן דער יידישער בּורזשואַזיע די מעגלעכקייט אויפ־
צוצווינגען איר ווילן דער בּרייטער יידישער מאַסע אונטערן פּסעוו־
דאָנים „נאַציאָנאַלער בּאַוויסטזיין“. פון דעם זעלביקן רעזער־
וואַר ווערן אויך געשפּייזט די איבעריקע יידישע קיבּוצים מיט
אייגנאַרטיקע קולטור־ווערטן—שפּראַך, ליטעראַטור, קונסט. דער
קרייז פון יחידים, וואָס האַלטן זיך אָדער ווערן פון אַנדערע גע־
האַלטן פאַר אידן — איז נישט קיין שטענדיקער, קיין פעסטער:
אויב ער נעמט אַרום אַלע יידיש־ריידנדיקע, בּלייבט אָבער פון
דער אַנדער זייט אַ מער־ווייניקער בּאַדייטנדיקער טייל יידן פון משה
רבינוס״ גלויבן מחוץ פון אָט דעם קרייז. דערבּיי שפּילן אַ בּאַ־
דייטנדיקע ראָל די צוציונג־ אָדער אָפּשטויסונג־טענדענצן, וואָס
עקסיסטירן אין דער געגעבענער תקופה צווישן דער יידישער
מינדערהייט און דער אַרומיקער נישט־יידישער מערהייט. פון דער
אַנדער זייט, אַף וויפיל די אָדער יענע טיילן פון די מזרח־יידן
רייסן זיך אָפּ פון זייער מעטראָפּאָליע, און נישט אַזוי געאָגראַפיש,
ווי סאָציאַל־קולטורעל, און בּאַהעפטן זיך מיט די אַרומיקע קול־

טור־פעלקער, רייסן זיך איבער כמעט אַלע פעדים, וואָס האָבן זיי פאַרבונדן מיטן יידישן מאַסן־לעבן, און ס'ווערט אויך ביסלעכווייז איסגעלאָשן דער באַוווּסטזיין פון זייער צוגעהעריקייט צו דער יידישער נאַציע. אַזוי זעען מיר פון איין זייט, אז אין מזרח־אייראָפּע גופא. האָט די אַסימילאציע אָפּגעריסן מער־ווייניקער באַדייטנדיקע טיילן פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן מאַסן־לעבן; און פון דער אַנדער זייט אַף וויפיל פון מזרח־אייראָפּע האָבן די יידן מאַסנווייז עמיגרירט קיין צפון־אַמעריקע, האָבן די יידן אין אַמעריקע אין משך פון צענדליקער יאָרן נאָך באַהאַלטן דעם צונויפבונד מיטן מוטערלאַנד. עס פאַרשטייט זיך, אַז אייך דאָ ווערן מיט דער צייט באַדייטנדיקע טיילן נאַציאָנאַל אָפּגעשפּליטערט פון דער איינגעוואַנדערטער מאַסע און באַהעפטן זיך מיט דער אַרומיקער קולטור. אָבער אויך צו די יידן, וואָס לעבן אָפּגעזונדערט פון דעם מזרח־יידישן צענטער, ווי, למשל, אין *מערב־אייראָפּע*, האָט דאָס מאַסן־לעבן געמוזט האָבן אַ געוויסע ווירקונג. די אָפּקלאַנגען פונם מזרח־געטאָ באַהעפטן זיך דאָ מיט די *אַנטי־סעמיטישע שטימונגען* פון די אַרומיקע פעלקער און רופן בא זיי אַרויס, אפילו בא דעם קולטורעל־אַסימילירטן טייל זייערן אַן אייגנאַרטיקן אַטאַוויסטישן *„יידישן נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין"*. ער איז אָבער מער אַ היסטאָרישער רודימענט איידער אַ פּאָליטישע פּסיכאָלאָגישע איבערלעבעניש. ער לעבט זיך אויך דעריבער אויס אין אַזעלכע סוראָגאַט־פאָרמען, ווי רעפאָרם־יידנטום און מערב־ציוניזם.

בעת מיר ריידן וועגן דער יידישער נאַציע האָבן מיר פאַר זיך אַלס רעאַליטעטן אין ערשטער ריי איינצלנע יידישע קיבוצים, וואָס זיינען אָפּגעטיילט איינער פונם אַנדערן דורך מלוכה־גרע־נעצן. די קיבוצים האָבן פאַרשיידענע, סתירותדיקע פּאָליטישע אינטערעסן. זיי געפינען זיך אויך אָפט אין גרונטפאַרשיידענע סאָציאַל־עקאָנאָמישע לעבנבאַדינגונגען. און נאָר אַף וויפיל אָט די איינצלנע יידישע קיבוצים אָדער טיילן פון זיי פילן אַף זיך די דירעקטע אָדער אומדירעקטע השפּעה פונם באַדייטנדיקסטן יידישן מאַסן־צענטער, וועמען עס געהערט אין דער געגעבענער תקופה די

העגעמאָניע, נאָר אַף אַזויפיל ווערט געשאַפן דער אָביעקטיווער יסוד, וואָס גיט דער יידישער בורזשואַזיע די מעגלעכקייט צו פאַרפלאַנצן אין די יידישע מאסן זייער גייסט אונטערן נאָמען „נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין".

מען קאָן ריידן וועגן געוויסע געמיינזאַמע שטריכן פון דעם כאַראַקטער, פון באַנעמען דערשיינונגען און רעאַגירן אַז זיי, וועגן עלעמענטן פון אַ געמיינזאַמער נאַציאָנאַלער אַ פּ ע ר צ ע פּ צ י ע. מען קאָן אָבער בּאַ אַזוינע בּאַדינגונגען אין קיין פאַל נישט ריידן וועגן אַלגעמיינע פּאָליטישע אי נ ט ע ר ע ס ן, און פאַרשטייט זיך אויך נישט וועגן געמיינזאַמע סאָציאַל-עקאָנאָמישע בּ אַ ד ע ר פ ע-נ י ש ן. אמת, צווישן טיילן פון פאַרשיידענע יידישע קיבּוצים, קאָנען זיך בּאַ געוויסע געלעגנהייטן איינשטעלן די אָדער יענע קעגנזייטיקע בּאַציונגען און ווירקונגען, וואָס דערלייכטערן די הערשנדיקע קלאַסן די אויסטראַכטעניש וועגן בּלומרשטדיקער שטענדיקער אינטערעסן-געמיינשאַפט, אָבער אַזוינע קעגנזייטיקע בּאַציונגען, בּאַשטייען אין דער קולטור-וועלט אויך צווישן גרונט-פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע גרופן, ניט פאַרבּינדנדיק זיי אין אַ נאַציאָ-נאַלער איינהייט.

פון דעם פאַקט, וואָס אַ סכום צעזייטע יידן בּאַצייכענען זיך און ווערן בּאַצייכנט דורך די אַרומיקע אַלס נאַציע, אינם צווישנמלוכהשן מאַסשטאַב, קאָן בשום אופן נישט געמאַכט ווערן דער פועל-יוצא, אַז צווישן זיי בּאַשטייט אַ רעאַלע געמיינשאַפט פון לעבּן-אינטערעסן, וואָס וואָלט געקאָנט טרייבּן די געגעבּענע גרופע צו געמיינזאַמע מעשים. זיין קאָנקרעטן אינהאַלט בּאַקומט דער נאַציאָנאַלער בּאַוווסטזיין אין יעדן יידישן קיבּוץ דורך זיין איינגאַרטיקער ס אָ צ י אַ ל - ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ר מאַטעריע און ס ט ר ו ק ט ו ר. און דאָ אינם אינעווייניקסטן געראַנגל פון די פאַרשיידענע קלאַסן פאַר הערשאַפט און מאַכט, ווערט דער בּאַגריף „נאַציאָנאַלער בּאַוווסטזיין" ברייט אויסגענוצט דורך די הערשנדיקע קלאַסן אַלס קאַמף-כּלי-זין. אַלע זיינע ספּעציעלע אינטערעסן און צילן זוכט דער הערשנדיקער קלאַס אַרויסצוגעבּן פאַר די ברייטע, נישט דיפערענצירטע מאַסן, אַלס בּלומרשטן

אינטערעס פון דער נאַציע, אַלס גאַנצע. אָנפילנדיק דעם נאַצי=
אָנאַלן באַוווסטזיין מיט זיין קלאַסן=אינהאַלט באַשאַפט דער הערשנ=
דיקער קלאַס, די שעדלעכע פיקציע פון אַ „נאַציאָנאַלער
אידיי" און נוצט ברייט אויס דעם באַוווסטזיניקן סאָציאַל=פּאָלי=
טישן שקר פון נאַציאָנאַלע צילן. אַזוינע „צענטראַלע נאַציאָנאַלע
אידייען" און „מיסיעס" זיינען פאַר דער „אַלוועלטלעכער יידישער נאַ=
ציע" שוין אָפט גענוג קאָנסטרוירט געוואָרן דורך די אידעאָלאָגן
פון יידישן בירגערטום. און באַם אַנאַליז פון זייער אנטשטייונג
און מהות ווייזן זיי שטענדיק אַרויס זייער בולטן קלאַסן=כאַראַק=
טער. און ווי באַלד עס זיינען נישטאָ קיין געמיינזאַמע נאַציאָ=
נאַלע אינטערעסן, איז אינם רעאַלן לעבן אויך, פאַרשטייט זיך,
נישטאָ קיין יסוד פאַר דעם אַזוי=גערופענעם נאַציאָנאַלן
ווילן — אַ באַגריף דורך וועלכן דער הערשנדיקער קלאַס
צווינגט אויף זיין ווילן אַף די איבעריקע, אָפט אים אנטאַ=
גאָניסטישע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט.

## VI.

# פּאַניודאַיזם.

דער פּלוטאָקראַטישער אינטערנאַציאָנאַל פון אסימילאַציע און פילאַנטראָפּיע / דער גביריש=רבנישער אינטערנאַציאָנאַל פאַרן סאָציאַלן קאָנסערוואַטיזם און מאַסן=פאַר=שקלאַפונג / דער ציוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל פאַר געמיינזאַמע חלומות און חלוקה / די אַלוועלטלעכע יידישקייט פונם קליינבירגער אַלס פּאַניודאַיסטישע פּראָ=יעקטן=מאַכעריי / די פּראָלעטאַרישע אַלוועלטלעכקייט פון אַרבעט און מאַסן=קולטור.

אַנאַליזירן מיר דעם באַגריף יידישע נאַציע לויט זיין קאָנ=
קרעטן אינהאַלט, קומען מיר צו דער איבערצייגונג, אַז פאַר יעדן קלאַס
פון דער יידישער נאַציע באַקומט דער דאָזיקער באַגריף גאָר אַן אַנ=
דער כאַראַקטער. דאָס באַשטימט אויך די קאָנקרעטע איינגאַר=
טיקייט פון דעם אַזוי גערופענעם „נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין" באַ
יעדן פון אָט די קלאַסן. באַ יעדן קלאַס פון די מאָדערנע
פעלקער באַקומט דער „נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין" אַן אנדער קאָנ=

קרעטן אינהאלט, אין אָרגאַנישער אָפּהייננגיקייט פון זיין אלגעמיי־
נעם קלאַסן־באַוווסטזיין.

עס געהערט צו די אקסיאָמען פון דער יידישער געזעל־
שאַפטלעכקייט, אַז די גרויסבורזשואַזיע איז אסימילאַ־
טאָריש. דאָס האָט איר אָבער נישט געשטערט אין מיטן
פון פאַריקן יאָרהונדערט אויפצוטרעטן אלס העראָלד פון דער „אל־
וועלטלעכער יידישער נאַציע". די Alliance Israelite Universelle
(אַלוועלטלעכע איזראַעליטישע אליאַנס) איז די ערשטע
אָרגאַניזירטע פאַרקערפּערונג פון אָט דער אידיי. וואָס איז אָבער
דער רעאַלער מהות, פון דער „אַלוועלטלעכער יידישער נאַציע",
פון דעם יידישן גרויסקאַפּיטאַל, און ווו ליגן די וואָרצלען פון
דער אנטשטייונג פון דערדאָזיקער אידיי.

די יידישע גרויסבורזשואַזיע פון אלע לענדער האָט אַ גע־
מיינזאַמען אינטערעס צו באַזייטיקן אַלע מחיצות, וואָס שיידן אָפּ
די יידן פון דער אַרומיקער נישט־יידישער באַפעלקערונג. איינע
פון אָט די הויפּט־מחיצות, ווערט געשאַפן דורך דער יידישער
רעכטלאָזיקייט באַזונדערש אונטערן צאַריזם. דורך די פּאָגראָם־קללות
און דורך די עמיגראַציע־כוואַליעס ,וואָס האָבן אָפּט באַרירט די אינטערעסן
פון דער יידישער גרויסבורזשואַזיע. און אָט כּדי צו באַזייטיקן די
לעצטע רעשטן פון די געטאָ־מויערן אין דער וועלט און כּדי זיך
אָפּצוטרייסלען פונם אומרויקן „שנאָרער" שאַפט די יידישע גרויס־
בורזשואַזיע איר אינטערנאַציאָנאַל־יידישן פאַרבאַנד. עס איז דער
פּלוטאָקראַטישער אינטערנאַציאָנאַל פון פי־
לאַנטראָפּיע, דורך וועלכן דער יידישער גרויסקאַפּיטאַל האַלט
די יידישע מאַסן אין זיינע גאָלדענע קייטן. דאָס שאַפט די
אינטערנאַציאָנאַל־יידישע פעדים, וואָס פאַרבינדן די „איקאַ" —
Jewish Colonisation "association", „Hilfsverein der deutschen Juden"

("הילפספאַריין פון די דייטשע יידן"), און די
„Anglo-Jewish association" („יידיש ענגלישער פאַרבאַנד")
דעם „דזשאוינט" און די צענדליקער אַנדערע „הילף־אָרגאַניזאַציעס"
פון דער יידישער גרויסבורזשואַזיע אין די פאַרשיידנסטע לענדער.

די „אַלוועלטלעכקייט" פון דער יידישער גרויסבורזשואַזיע באַרוט אַף דעם געמיינזאַמען שטרעבן צו באַזייטיקן דאָס געטאָ, דעם אַנטיסעמיטיזם אַלס מניעה פאַר דער אופלייזונג פון די יידן אין די מערהייט=פעלקער.

דער צענטראַל=אינטערעס פון דער יידישער מיטלבורזשואַזיע איז שטענדיק באַשטאַנען אין אַנטוויקלען דעם נעץ פון אירע האַנדל=באַציונגען. די סינאַגאָגאַלע אָרגאַניזאַציע האָט איר זייט דורות געדינט אַלס ווירקזאַמסטער הילפסמיטל אין אירע אינטערנאַציאָנאַלע האַנדל=באַציונגען. דער בעסמעדרעש איז אויך געווען דער מיטלפונקט פון געמיינזאַמער פאַרטיידיקונג קעגן די אַנטיסעמיטישע אָנגריפן מצד די פרעמדע קאָנקורענטן. דאָס זיינען די הויפט=יסודות, אַף וועלכע ס'איז היסטאָריש אַנטשטאַנען דער אינטערנאַציאָנאַל פון דער יידישער אָרטאָדאָקסיע, דער טראַדיציאָנעלער יידיש=נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין פון דעם סוחר — בעל=גוף.

די גביריש=רבנישע אַלוועלטלעכקייט באַשטייט אין דעם געמיינזאַמען קולטיווירן די יידישע אמונה אַלס כלי=זין פון סאָציאַלן קאָנסערוואַטיזם און מאַסן=פאַרשקלאַפונג.

אין דער באַהאַנדלטער תקופה, בעת די סינאַגאָגאַלע פאַרבינדונג=פעדים ווערן אַלץ מער אָפגעשוואַכט, האָט דער יידישער מיטלשטאַנד אופגעפרישט זיין „נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין" מיט דער מאָדערניזירטער טראַדיציע און האָט געשאַפן זיין ציוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל פון די געמיינזאַמע ציון=חלומות אין דינסט פון זיין רעאַקציאָנערער „גלות=פּאָליטיק". דאָס איז דער קאָנקרעטער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין פון דעם יידישן מיטלשטאַנד, דער מאָגערער רעאַלער אינהאַלט פון זיין „אַלוועלטלעכער" יידישער נאַציע, וואָס דריקט זיך אויס מער אין „אַלוועלטלעכער" פראַזעאָלאָגיע, איידער אין קאָנקרעטער אַלוועלטלעכער טעטיקייט.

דער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין פונם יידישן קליינבירגער פון דער דעקלאַסירטער יידישער מאַסע איז, אין תוך גענומען, אַ געשריי נאָך הילף. עס איז דער נויט=רוף פון אַ סאָציאַל=פּאָליטישן שוואַכן צו אַלע אַנדערע שטאַרקערע ברידער פון דער

איינגער נאַציאָנאַלער משפּחה. עס איז דער אינטערנאַציאָ־נאַל פון מקבלים. דער יידישער קליינבירגער איז אַבסטראַקט נאַציאָנאַליסטיש, ער הערט נישט אויף צו אַגיטירן פאַר סתם־אַלוועלטלעכע יידישע קאָנגרעסן אַף אַלע געביטן פון מאַטעריעלער און גייסטיקער קולטור. אָט די פּראָיעקטירטע קאָנגרעסן האָבן דעם ציל איינצוהאַלטן, ראַטעווען די „אַלוועלטלעכע יידישע נאַציע”, די נאַציע פון אַלזייטיק געדריקטן און פאַרדאַגהטן קליינבירגער. דעריבער האָבן דידאָזיקע אַלוועלטלעכע קאָנגרעס־פּראָיעקטן די טבע קיינמאָל נישט רעאַליזירט צו ווערן. דער קליינבירגער פאַרגיסט טייכן טינט אין קאַמף פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער אווטאָנאָמיע אין די איינצלנע לענדער און פאַר דער אווטאָנאָמיע פון דער „אַלוועלטלעכער” יידישער נאַציע אינם אינ־טערנאַציאָנאַלן פאַרנעם. די אַלוועלט־יידישקייט פונם קליינבירגער לעבט זיך אויס אין גרויסע פאַן־יידישע פּלענער און קליינטשינקער לאָקאַל־פּאַטריאָטישער טעטיקייט.

דער תוך און ציל פון די אַלע כלל־ישראלדיקע אַלוועלט־לעכע אָרגאַניזאַציעס און קאָנסטרוקציעס איז צו דינען די רעאַלע נויטן און באַדערפענישן פונם געגעבענעם קלאַס. אַלע ריידן זיי אין דעם נאָמען פון דער „אַלוועלטלעכער” יידישער נאַציע, און אַלע באַדינען זיי טריי און אויסשליסלעך די אינטערעסן פון זייער קלאַס. דאָס פּאַן־יידנטום אַלס אינטערעסן־געמיינשאַפט איז אַן אויסטראַכטעניש פון דעם יידישן בירגערטום, וואָס גיט אַרויס זיין קלאַסן־ווילן פאַר דעם אַל־יידישן ווילן. די פּאַן־יידישע פּראַזעאָ־לאָגיע פאַרדעקט די סעפּאַראַטע קלאַסן־פּאָליטיק פון דער יידישער בורזשואַזיע, וואָס איז אָפט געווענדט קעגן די אינטערעסן פון דער פאָלקסמערהייט און איז אין דעם זין אַנטינאַציאָנאַל.

דער רעאַקציאָנערער תוך פון די פאַרשיידענע פאַננאַציאָ־נאַליסטישע באַוועגונגען, ווי פאַנגערמאַניזם, פאַנסלאַוויזם און פאַניסלאַמיזם איז שוין לאַנג אַן ועשט אויפגעדעקט. נאָר די יידישע בורזשואַזיע שטאָלצירט נאָך מיט איר פאַניודאַיזם, ווי מיט אַ באַוועגונג פונם פּראָגרעסיווסטן מין. אין תוך אָבער איז דער פאַניודאַיזם אין זיין פילאַנטראָפּישער, אַרטאַדאַקסער

ציוניסטישער און יידישיסטישער פאָרמאַציע, פונקט אַזאַ רעאַקציאָנערע באַוועגונג, ווי אַלע אַנדערע פאַננאַציאָנאַליזמען.

צאָלרייכע רעאַלע באַרירונגפונקטן פאַרייניקן די יידישע *ארבעטערשאַפט* פון די פאַרשיידענע לענדער. אויסער די פעדים פון דער אַלגעמיינער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט ווערן די יידישע אַרבעטער פון די פאַרשיידענע לענדער צונויפגעבונדן דורך אַ געמיינזאַמער שפּראַך, געמיינזאמע קולטור־באַשטרעבונגען, דורכן אינטענסיוון עמיגראַציע־אויסטויש, און דורך דעם געמיינזאמען שטרעבן צו פּראָדוקטיווירן די בּרייטסטע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג. נישט קוקנדיק אַף דערדאָזיקער ווייט־פאַרצווייגטער אינטערעסן־געמיינשאַפט, גרענעצט זיך דער יידישער ארבעטער־קלאַס שאַרף אָפּ פון דער באַשאַפונג אָדער באַטייליקונג אין די אָרגאַניזאַציעס פון דעם אַלוועלטלעכן כלל ישראל. זיינע קלאַסן־אינטערעסן דיקטירן אים דאָס שטרייַנגע אָפּגרענעצן זיך פון דעם בּירגערלעכן פאַן־יידנטום פון איין זייט און דעם איינגכּטן צו־זאַמענבונד מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטערשאַפט דורך אירע לאַנד־אָרגאַניזאַציעס, פון דער אַנדער זייט.

און אַף וויפיל די היסטאָרישע העגעמאָניע פונם יידישן ארבעטערקלאַס אַף אלע געביטן פון מאַטעריעלער און גייסטיקער קולטור, נעמט ארום וואָס ווייטער אַלץ בּרייטערע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, ווערט די איינפלוס־ספערע פון דעם יידישן אַרבעטערקלאַס אלץ בּרייטער, אַרומנעמענדיק די פאַר־שיידנאַרטיקסטע געביטן פון דעם יידישן מאַסן־לעבן.

די יידישקייט און די יידישע אַלוועלטלעכקייט פון דעם יידישן גרויסקאַפּיטאַל באַגרענעצט זיך מיט דער נדבה פאַרן אָרימען מזרח־יידן. עס איז א צייטווייליק פילאַנטראָפּישע יידישקייט. דער פּאַניודאַיזם פון דער יידישער אַרטאַדאַקסיע, איז א היס־טאָרישער רודימענט אָן יעדער צוקונפט־פּערספּעקטיוו. דער ציוניסטישער „אַל־יודנטום" האָט פּאַקטיש נישט קיין שום רעאַלן צווישן־מלוכהש יידישן אינהאַלט און האָט אויך קיין שום שאַנסן ניט צו ווערן א צווישנמלוכהשע סאָציאַל־פּאָליטישע רעאַליטעט. און די פאָלקיסטישע פּראָזעלאָגיע וועגן דער „איינהייטלעכער,

אלוועלטלעכער ייִדישער נאציע" איז קיינמאָל נישט געגאנגען ווייטער פון די צייטונג־שפּאלטן. נאָר די אינטערנאציאנאל־סאָציאליסטישע אופבוי־טעטיקייט פונם ארבעטערקלאס פירט פאַקטיש די ייִדישע מאסן צו העכערע פּראָדוקטיווע לעבנספאָרמען.

## VII.

# אסימילאציע.

די פאַרשטאַרקטע מאַכט־פּאָזיציעס פון יידישן גרויסקאפּיטאל / פּאָליטיש־בירגערלעכע גלייכבארעכטיקונג און קולטורעלע צופּאסונג / אנטיסעמיטיזם אין מערב און אין מורח / דער אַלוועלטלעכער יידישער פארבאנד (Alliance Israelite Universelle) און זיינע פיליאלן / באראָן הירש און די «איקא» / אידעישע אפּאָלאָגיע און נעגירונג / די יידישע גרויסבורזשואַזיע אין רוסלאַנד / צילן און מעטאָדן פון דער יידישער אַסימילאציע־פּאָליטיק אין רוסלאַנד / «חברה מפיצי השכלה» און «אָרט» / «פארבאנד פאר דערגרייכן די פולבארעכטיקונג» / די יידישע פאָלקס־גרופּע / «יידישע דעמאָקראַטישע גרופּע».

אין משך פון 19־טן יאָרהונדערט איז אומעטום באַדייטנדיק געשטיגן די עקאָנאָמישע מאַכט פון דער ייִדישער גרויסבורזשואַזיע, באזונדערש אין מערב־איראָפּע. כמעט אין אַלע איראָפּעישע לענדער האָט די ייִדישע גרויסבורזשואַזיע פאַרנומען די וויכטיקסטע אָנפירנדיקע פּאָזיציעס אף אַלע עקאָנאָמישע געביטן. די באַדייטנדיקסטע קאָנצענטרירונגען פונם פינאַנס־קאַפּיטאַל האָבן זיך געפונען אין די הענט פון געציילטע ייִדישע באַנק־הייזער און פינאַנס־קאָנצערנען. אַף דער באַזיס האָט זיך אַלץ מער אָנגעהויבן צו פילן די העגעמאָניע פון ייִדישן קאַפּיטאַל. אויך אַפן געביט פון האַנדל און פאַרקער האָט זיך די ראָל פון ייִדישן קאַפּיטאַל באַדייטנדיק פאַרגרעסערט. און אפילו אפן אינדוסטריע־געביט האָט זיך מער ווי ביז איצט באמערקבאר געמאַכט דער איינפלוס פון ייִדישן גרויסקאַפּיטאַל. אין דער אייגענער מאָס האָט זיך אויך אַפן געזעלשאַפטלעכן געביט אומעטום אָנגעהויבן שפּירן די נישט־פּראָפּאָרציאָנעל אָנפירנדיקע ווירקונג פון ייִדישן עלעמענט. די ליבעראַלע פּראָפעסיעס האָבן אָנגעהויבן איבערפילט צו ווערן מיט ייִדישע אינטעלעקטועלע. אַפן געביט פון

ווירטשאַפט, קונסט און ליטעראַטור האָבן זיך אַרויסגערוקט צאָלרייכע קאַדרען יידישע געלערנטע, קינסטלער און ליטעראַטן. אין אַ ריי אייראָפּעישע מלוכות זיינען די איינפלוסרייכסטע פּרעסע-אָרגאַנען געשטאַנען אין דינסט פון דער יידישער גרויסבורזשואַזיע.

מען רעדט געוויינלעך וועגן דעם קאָסמאָפּאָליטישן אַנטינאַציאָנאַלן כאַראַקטער פונם גרויסקאַפּיטאַל. דאָס איז ריכטיק נאָר אַף אַזויפיל, אַף וויפיל מען באַצייכנט דערמיט, אַז אין זיינע עקספּאַנסיע-באַשטרעבונגען, ווייזט דער גרויסקאַפּיטאַל נישט אַרויס קיין נטיה זיך צו רעכענען מיט די אָדער יענע נאַציאָנאַלע גרענעצן. זיינע רויבצוגן מאַכט אָבער דער גרויסקאַפּיטאַל נישט אונטער דער פאָן פון אינטערנאַציאָנאַליזם, נאָר אונטערן לאָזונג פון דעם נאַציאָנאַליסטיש-פאַרפאַרבטן אימפּעריאַליזם. די יידישע טרעגער פון גרויסקאַפּיטאַל זיינען אומעטום געווען אַגרעסיווער און פּאַטריאָטישער פאַר דער אָרטיקער נישט-יידישער בורזשואַזיע. אינם געראַנגל פון די אימפּעריאַליסטישע קליקעס פאַרן וועלט-מאַרק און וועלט-איינפלוס האָט דער יידישער גרויסקאַפּיטאַל גענומען אומעטום דעם אַקטיווסטן אָנטייל; זיינע אינטערנאַציאָנאַל-פאַרצווייגטע יידישע פאַרבינדונגען האָט דער יידישער גרויסקאַפּיטאַל דערביי ברייט און מיט דערפאָלג אויסגענוצט. אַף וויפיל אָבער די יידישקייט און די יידן זיינען פאַרט געווען אַ סובּיעקטיווע אָדער אָביעקטיווע מניעה אינם פאַרמעסטונג-געיעג אַפן וועלט-מאַרק, האָט די יידישע גרויסבורזשואַזיע זיך אומעטום געשטעלט און געמוזט זיך שטעלן אַלס ציל דיראָזיקע מניעה צו באַזייטיקן. די קאַפּיטאַליסטישע וועלט-אַנטוויקלונג האָט שוין לאַנג צעשטערט די עקאָנאָמישע געטאָ-מחיצות. פאַראַלעל דערמיט איז געגאַנגען דער פאַנאַנדערפאַל פון די בירגערלעך-פּאָליטישע באַגרענצונגען קעגן יידן. אַף וויפיל אַף דעם געביט זיינען נאָך פאַרבליבן פּריציש-פעאָדאַלע רעשטן, האָט דער יידישער גרויסקאַפּיטאַל זיך געמוזט שטעלן אַלס ציל זיי אומעטום צו באַזייטיקן און אַרויסגערוקט דעם לאָזונג פון דער יידישער פול-און גלייכבאַרעכטיקונג אין דער גאָרער וועלט. אין דער איינענער

צײַט איז ענערגיש און אַפֿן גאַנצן פֿראָנט דורכגעפֿירט געוואָרן די צופֿאַסונג פֿון די ייִדן צו דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג אין אַלע אויסערלעכקייטן פֿון דעם לעבנשטייגער, קליידונג, מנהגים. די הויפּט־אויפֿמערקזאַמקייט האָט מען דערבײַ געווענדט אויף באַהערשן די שפּראַך פֿון דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג אַלץ וויכטיקסטן כּלי־זין אין דעם קולטורעלן און עפֿנטלעכן פֿאַרקער. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט מען, פֿאַרשטייט זיך, געמוזט אין גאַנץ מערבֿ־אייראָפּע פּראָקלאַמירן, אַז ייִדן זײַנען נישט קיין נאַציע און ווילן עס נישט זײַן. נאָר אַף וויפֿיל פֿאַר דער טאָג־טעגלעכער דערפֿאַרונג פֿון די אַרומיקע פֿעלקער, קאָן פֿאַרלייקנט ווערן דאָס באַשטיין פֿון אַ באַזונדערן ייִדישן קאָלעקטיוו, איז מען געצוווּנגען געווען זיך צו פּראָקלאַמירן אַלס רעליגיעזע גרופּע. אָבער אויך דאָ הייבט זיך באַלד אָן דער פּראָצעס פֿון צופּאַסונג פֿון פֿאַרווישן ביסלעכווײַז די מחיצות, וואָס טיילן אָפּ, באַזונדערש אין פּרט פֿון ריטואַל, די ייִדישע און קריסטלעכע גלויבנס. עס גייט אַוועק אַ סדרה פֿון „רעפֿאָרם־יודנטום“, פֿון פּרוּוון ווי ווײַט מעגלעך, צוצוגלײַכן דעם ייִדישן גאָטעסדינסט צום קריסטלעכן. און סוף כּל סוף האָט געדאַרפֿט די כוואַליע פֿון שמד און געמישטע חתונות פֿאַרענדיקן דעם פֿאַרניכטונג־פּראָצעס פֿון דעם פֿאַרהאַסטן געטאָ און די באַהעפֿטונג מיט דער גרויסער וועלט פֿון „אַלמענטשלעכן“ מערוועדם.

דאָס איז די אַלגעמיינע אַסימילאַציע־סכעמע. אין דעם רעאַלן לעבן אָבער שטעלן זיך איר אַנטקעגן אַ רײ שוועריקייטן הן מצד דער „בײַזוויליקער“, נישט־ייִדישער קאָנקורענץ, הן מצד די גרעסערע ייִדישע מאַסן־קיבוצים, וואָס קענען נישט און ווילן נישט פֿאַרווירקלעכן דעם פֿאַר זיי אָנגעמערקטן „דערלייזונג־פּראָגראַם“. זיך נישט אָפּזאָגנדיק פֿון די אַסימילאַטאָרישע גרונטפּרינציפּן פֿון „divide et impera“ אין דער ייִדן־פֿראַגע, האָט זיך דער ייִדישער גרויסקאַפּיטאַל דעריבער געמוזט לאָזן אַף טאַקטישע אומוועגן און הינטערגײַנג, כּדי סוף כּל סוף דעם אָנגעמערקטן ציל צו דערגרייכן.

אפֿילו אין מערבֿ, וווּ די ייִדן־עמאַנסיפּאַציע איז שוין לאַנג

דורכגעפירט געוואָרן טייטלט דער אַנטיסעמיטיזם מיט שפּאַט אַף די יידישע נעזער. ווער רעדט שוין וועגן די יידישע קיבוצים אין מזרח, וואָס געפינען זיך נאָך אונטערן דרוק פון בירגערלעכער רעכטלאָזיקייט און פּאָליטישע רדיפות. און בעת מען האָט שוין אַמאָל אין אַ מולדיקער שעה כמעט פאַרגעסן וועגן דער פאַר־שאָלטענער יידן־פראַגע, קומט פלוצלונג פון מזרח די פיינלעכסטע דערמאָנונג—יללות פון פּאָגראָמירטע און גערודפטע יידישע מאַסן. און אויב אויך אָט די דערמאָנונג וואָלט מען נאָך געקאָנט ווי ניט איז פון זיך אָפּשטויסן, זיינען אָבער די מחנות מזרח־עמיג־ראַנטן, וואָס שטראָמען איבער און דורך די אייראָפּעישע מלוכות, אַ צו רעאַלע און דרויענדיקע דערשיינונג כדי אויך לגבי זיי מיט דערפּאָלג דורכצופירן זייער שטרויס־פּאָליטיק, כדי אויך אָט דעם פאַקט צו קאָנען איגנאָרירן און פאַרשווייגן. דאָס אַלץ האָט באַוועגט דעם יידישן גרויסקאַפּיטאַל אָנצופירן אַ ספּעציעלע יידישע „הויך־פּאָליטיק".

אין איר שטרעבן אינגאַנצן צו פאַרניכטן דעם געטאָ, האָט די אַסימילאַטאָרישע בורזשואַזיע זיך רעאַל־פּאָליטיש געשטעלט אַלס ערשטע קאָנקרעטע אויפגאַבע אַף דעם וועג — צו אינטער־נאַציאָנאַליזירן דעם געטאָ — ד. ה. גובר זיין די טעריטאָריאַלע גרענעצן, וואָס טיילן פאַנאַנדער די יידישע קיבוצים פון די פאַר־שיידענע לענדער. נישט דער ציוניסטישער מיטלשטאַנד, נאָר דער אַסימילאַטאָרישער גרויסקאַפּיטאַל האָט געמאַכט דעם ערשטן פרווו פּאָליטיש צו אַקטואַליזירן די כלל־ישראל־אידיי, די אידיי וועגן דער איינהייטלעכער יידישער „וועלט־נאַציע" אונטער דער מאַסקע פון וועלט־רעליגיע. אין יאָר 1860 איז אין פּאַריז, דעם אויסגאַנג־פּונקט פון דער יידישער עמאַנסיפּאַציע, געגרינ־דעט געוואָרן דער אַלוועלטלעכער יידישער פאַרבאַנד «Alliance Israelite Universelle» — אַ ברייט־ און וויט־פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַציע פון דעם יידישן גרויסקאַפּיטאַל, וואָס האָט אַרומגענומען כמעט אַלע יידישע קיבוצים. די צילן פון דעם פאַרבאַנד זיינען געוועזן — פאַרטיידיקונג קעגן די אַנטיסע־מיטישע אָנפאַלן, מיטווירקן דער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג און

חעלפֿן „די אָרימע מזרח־ברידער". אין דער רעאַלער טעטיקייט פֿון דער אַליאַנס זיינען אָרגאַניש צונויפֿגעפֿלאָכטן די עקספּאַנסיס־אינטערעסן פֿון דעם פֿראַנצויזישן אימפּעריאַליזם, מיט יידיש־אַסי־מיליאַטאָרישער צעבערעקלונג־פּאָליטיק. אַפֿן סאָציאַל־עקאָנאָמישן געביט—צעזייען און צעשפּרייטן די יידישע עמיגראַנטן און זייערע ישובים; אַפֿן קולטורעלן געביט — פֿאַרשפּרייטן פֿראַנצויזישע שפּראַך און קולטור דורך דער גרינדונג פֿון אַ גאַנצער נעץ שולן מיט פֿראַנצויזישער אונטעריכט־שפּראַך, אין די לענדער, וואָס פֿראַנקרייך האָט געשטרעבט אַריינצוציען אין דער ספֿערע פֿון איר השפּעה. אָט דער נאַציאָנאַליסטיש־אימפּעריאַליסטישער גרונטשטריך האָט באַלד געמוזט פֿירן צו דער שאַפֿונג פֿון זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציעס מיט ענלעכע צילן אין די אַנפֿירנדיקע אייראָפּעישע מלוכות. אין יאָר 1871 איז געשאַפֿן געוואָרן די יידיש־ענגלישע פֿאַראייניקונג "Anglo-Jewish Association» אין לאָנדאָן, און אין 1873 — די איזראַעליטישע אַליאַנס אין וויין «Israelitische Alliance zu Wien». — זיך שטעלנדיק אַפֿן געביט פֿון דער יידישער פּאָליטיק אין אַלגעמיין איינע און די זעלביקע אופֿגאַבן, האָבן זיך דידאָזיקע געזעלשאַפֿטן אונטערשיידט דורך זייער, אין תוך אַסך ממשותדיקערער, ווי זייערע צדקה־אופֿגאַבן אַלגעמיינער מלוכה־פּאָליטיק אינם דינסט פֿון פֿראַנצויזישן, ענגלישן, דייטשן און עסטרייכישן פּאַטריאָטיזם.

דער באַדייטנדיקסטער אין צאָל און דער מער פֿון אַלעמען נערודפֿטער יידישער קיבוץ פֿון דער תקופֿה איז בלי־ספֿק געווען דער יידישער מאַסן־צענטער אין רוסלאַנד. ער האָט דעריבער געמוזט ווערן דער הויפּט־אָביעקט פֿון אַלע מערב־אייראָפּעישע „גע־טאָ־שטורמערס". די כוואַליעס יידישע עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך געטראָגן פֿון רוסלאַנד, האָבן געמוזט אַרויסרופֿן אַן ערנסטע באַ־ומרויקונג בּאַ די מער איינגעפֿונדרעוועטע מערב־יידן. ווער רעדט שוין וועגן דעם מאָראַלישן צער, וואָס די פֿאַרפֿאָלגונגען פֿון די רוסישע יידן האָבן געמוזט שטענדיק אַרויסרופֿן אין מערב־אייראָ־פּע. און נאָך איין מאָמענט קומט דאָ אין באַטראַכט: די יידישע גרויסבורזשואַזיע איז כמעט אינגאַנצן געווען אָפּגעריסן פֿון דעם

יידישן מאסן⸗לעבן, וואס האט זיך געפונען אונטער דער אנפירונג פון יידישן מיטלבירגערטום. אף וויפיל די יידישע גרויס בורזשואזיע האט זיך אבער פארט נישט געוואלט אפזאגן פון דעות⸗זאגן אין יידישע ענינים, איז איר געבליבן איין מיטל — איר מעכטיקער געלטרייכטום, און איין וועג — די פלוטאקראטיש⸗פילאנטראפישע אפוטרופסות איבער די וויכטיקסטע יידישע ענינים. די דאזיקע „גאלדענע קייט" פונם פלוטאקראטישן פילאנטראפיזם ציט זיך פון מיטן פון פאריקן יארהונדערט ביז אין אונזערע טעג אריין, פונם «Alliance Israelite Universelle», בעת די העגעמאניע האט געהערט דער צוערשט עמאנסיפירטער פראנצויזישער יידישער גרויסבורזשואזיע, ביז צום היינטיקן „דזשאינט" — בעת די אפוטרופסות איז אריבערגעגאנגען צו די אמעריקאנישע יידישע געלט⸗מאגנאטן. דער אינטערעס פטור צו ווערן פון די מזרח⸗יידישע צרות איז איין און דער זעלביקער בא דער יידישער גרויסבורזשואזיע פון די באדייטנדיקסטע מלוכות. דערמיט דערקלערט זיך אויך איר שטרעבן, נישט קוקנדיק אף די אפט⸗סתירותדיקע נאציאנאל⸗פאטריאטישע כוונות, צו פאראינהייטלעכן, אינטערנאציאנאליזירן זייער יידישע הילפאקציע.

באראן הירש—דער בולטסטער פארשטייער פון דער אינטערנאציאנאלער יידישער פלוטאקראטיע,—געבארן אין בייערן, צוערשט א בעלגישער, דערנאך פראנצויזישער באנקיר, שאפט א קאלאסאלן פארמעגן אין טערקיי און שטארבט אין אונגארן. אט דער יידישער באראן איז נישט צופעליק געווארן דער בולטסטער פארשטייער פון דער אינטערנאציאנאל⸗יידישער פילאנטראפיע. אין 1891 גרינדעט ער אין ענגלאנד די יידישע קאלאניזאציע⸗געזעלשאפט «Jewish Colonisation Association», וואס שטעלט זיך דעם ציל מיט דער הילף פון די גרעסערע יידישע קיבוצים אין מערב⸗אייראפע, צו צעזייען און צעשפרייטן די יידיש⸗רוסישע עמיגראנטן איבער די אמעריקאנישע פליינען. עס איז נישט געבליבן קיין איין יידישער קיבוץ אין דער וועלט, ווו באראן הירש האט נישט געפרווט צו באגליקן מיט זיינע פלענער די יידישע פויפערן דורך ערד און ארבעט.

די רעאַלע רעזולטאַטן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער יידישער צדקה=גדולה זיינען נישטיק; זיי שטייען אין פולן הסכם מיט די צביעותדיקע כוונות פון אירע אַסימילאַטאָרישע טרעגערס, וואָס האָבן גאָרניט געהאַט בדעה צו פאַרענטפערן די אָנגעווייטיקטע סאָציאַלע פראָבלעמען פון די יידישע מאַסן.

אויב די פּראַקטישע אָנפירונג מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער יידישער פלוטאָקראַטיע האָט זיך געפונען אין פראַנקרייך (קרעמיע, הירש), און ענגלאַנד (מאָנטעפיאָרע, ראָטשילד),—האָט זיך דער **אידעאָלאָגישער** אַרסענאַל פון דעם אַסימילאַטאָרישן גרויסקאַפּיטאַל געפונען אין **דייטשלאַנד**. אין דייטשלאַנד האָט דער אַסימילאַציע=פּראָצעס זיך אָנגעשטויסן אַף אַ ריי באַדייטנדיקע קעגנווירקונגען, וואָס האָבן אים אָפּגעשטעלט אַפן האַלבן וועג. דער על פי ערך צאָלרייכערער יידישער קיבוץ אין דייטשלאַנד האָט זיך נישט געקאָנט אָן רעשט אופלייזן אין דער דייטשער געזעלשאַפט. עקאָנאָמיש, פּאָליטיש און בירגערלעך גלייכבאַרעכטיקט און אויסערלעך=קולטורעל פולקומען גלייכגעשטעלט, זיינען די דייטשע יידן דאָך פאַרבליבן אַ פיזיש און גייסטיק=אָפּגעזונדערטע גרופּע, וואָס האָט געשפּירט דעם מעכטיקן דראַנג צו פאַרשווינדן ווי אַ ספּעציפישע איינהייט. אַף וויפיל דאָס האָט זיך איר ניט איינגעגעבן, האָט זי געמוזט מיט אַלע מיטלען שטרעבן צו „באַרעכטיקן״איר עקזיסטענץ. אַף דעם יסוד איז אויסגעוואַקסן «Die Wissenschaft des Judentums», אַ מער סאָציאַל=קאָסמעטישע, ווי אַ פּאָזיטיוו=וויסנשאַפטלעכע סיסטעם פון נאָרמען, וואָס האָבן געדאַרפט באַווייזן, אַז יודאַיזם איז צונויפגעפלאָכטן פון די העכסטע און אייביקע אידייען און אַז די יידן זיינען די טרעגער פון די איידלסטע אַלמענשלעכע צוקונפט=אידעאַלן. די יידישע עטיק (לאַצאַרוס) און די יידישע מיסיעס (קאָהען) האָבן געדאַרפט באַרעכטיקן דעם פאַקט, וואָס מענשן מיט ליינגערע נעזער און טונקעלע האָר האָבן גענומען אַזאַ באַדייטנדיקן אָנטייל אינם מערווערט צווישן די פעלקער מיט די קירצערע נעזער און העלערע האָר. און אין מאָמענטן פון פאַרשאַרפטן קאָנקורענץ=קאַמף, וואָס רייסט אַראָפּ פונם יידישן גרויסקאַפּיטאַל די

אידעאָלאָגיש=פּונקטקאָלירטע מאַסקן, טרײַבט אים דער אַנטיסעמיטיזם אין תּהום פון פאַרצווייפלונג, צו זעלבסטמאָרד: דאָס ייִדנטום איז דער מקור פון אַל=דאָס=בייז — נידער מיטן ייִדנטום. דאָס איז די נאַטירלעכע אַנטיטעזע פונם מיטיע=טעזיס, פון דער אַתּה בחרתּנו איבערשאַצונג (ווײַנינגער).

אַנדערש אין אַ סך פּרטים איז געווען די לאַגע אין ר ו ס ל אַ נ ד. אַ 5=מיליאָניקער ייִדישער קיבוץ, אײַנגעשלאָסן אין תּחום, באַגרענעצט אין זײַנע עלעמענטאַרסטע רעכט. אמת, אויך דאָ האָבן די פאַרטרעטער פונם ייִדישן גרויסקאַפּיטאַל דירעקט ווייניק וואָס געשפּירט פון די באַגרענצונגען, זיי האָבן אומעטום גענומען דעם אַקטיווסטן אָנטייל אין דעם אויפבוי פון דעם רוסלענדישן קאַפּיטאַליזם און האָבן זיך געפונען אין נאָענטסטן קאָנטאַקט מיט דער הערשנדיקער מאַכט. די לײַט פון דער ערשטער גילדע האָבן געהאַט ווױנרעכט אומעטום. פון זייער סביבה פלעגן אַדמיניסטראַטיוו באַשטימט ווערן די ייִדישע פאַרטרעטער אין די מלוכה=אַנשטאַלטן און אין די אַלײַנפאַרוואַלטונגען. פון די אַסימילאַטאָריש=אינטעליגענטישע רייען פלעגן אויך טיילווײַז באַשטימט ווערן די «ученые евреи» — די אָפיציעלע עצה=געבער אין ייִדישע ענינים בײַ די רעגירונג=אָרגאַנען, אין די הויפּט=שטעט. פאַר דער גרויסבורזשואַזיע אין רוסלאַנד איז די „ייִדן=פראַגע" אין סאָציאַל=עקאָנאָמישן און פּאָליטישן זין אין אַלגעמיין שוין געווען פאַרענטפערט, פּונקט ווי די דאָזיקע פראַגע האָט שוין ניט לאַנג עקזיסטירט פאַר דער ר ו ס י ש ע ר ייִדישער גרויסבורזשואַזיע אין מערב=אייראָפּע. און דאָ האָבן זיך אָנגעמערקט די אייגענע גרונט=טענדענצן — צו פאַרשווינדן אין דער אַרומיקער, רוסישער, רעספּעקטיוו פּוילישער מערהייט. נאָר אַף וויפיל דער אַנטיסעמיטיזם איז דאָ געווען אײנער פון די הויפּט=צילן פון דעם צאַרישן רעזשים, זײַנען די קעגנווירקונגען, וואָס האָבן טאָרמאָזירט דעם אַסימילאַציע=פּראָצעס דאָ אין רוסלאַנד, געווען אַ סך באַדײַטנדיקער ווי אין מערב=אייראָפּע. צײַטנווײַז, ווי בײַ אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, פלעגט דער צאַריזם אָפּשוואַכן דעם דרוק, פרײַער מאַכן דעם רינג פון באַגרענצונגען און מיטהעלפן דער רוסיפיצירונג פון דער

ייִדישער באַפעלקערונג. אין אַזעלכע מאָמענטן איז די ייִדישע גרויסבורזשואַזיע אין רוסלאַנד געווען ענטוזיאַסטיש רעגירונגס־טרײַ. אין אַזעלכע מאָמענטן פלעגן זיך אין די ברייטערע און מיטע־לערע שיכטן פון ייִדישן בירגערטום און אינטעליגענץ פאַר־שטאַרקן די האָפענונגען דורך דער נאָענטער גלײַכבארעכטיקונג בריימער און טיפער אַרײַנצודרינגען אין די רייען פון דער הערשנדיקער רוסלענדישער בורזשואַזיע. צוזאַמען דערמיט פלעגן זיך פאַרשטאַרקן אויך צווישן די ייִדיש־בירגערלעכע שיכטן די אַסי־מילאַטאָרישע באַשטרעבונגען. אַלץ, וואָס האָט זיך געריסן אַרויס פון דעם איינגן תחום, האָט געזונגען שבחים דעם „באַפרײַענדיקן פראָגרעס און דער אַלמענשלעכקייט" און הויך געהאַלטן די פאָן פון דעם רוסישן פאַטריאָטיזם. ייִדישע ליטעראַטן און דיכטער אין רו־סיש און העברעיִש, ווי י. ל. גאָרדאָן **1830—1892** און ל. לע־וואַנדאַ **1835—1888** האָבן אין פערזן און אין פראָזע אויסגעדריקט זייער התלהבות צו דער רוסישער קולטור און מלוכהשאפט און צו די גרויסע מאַטעריעלע און גײַסטיקע פער־ספעקטיוון, וואָס עפענען זיך פאַר די ייִדן אין אַ ליבעראַלן רוס־לאַנד. איר בולטסטן פובליציסטישן אויסדרוק האָט די אַסימי־לאַציע־אידעאָלאָגיע באַקומען אין דער פעריאָדישער אויסגאַבע «Русский Еврей» 1879—1884.

נישט לאַנג אָבער פלעגן דויערן אין רוסלאַנד אָט די לי־בעראַלע אָפּאָטמונגען (передышки) און אינגיכן פלעגן זיי אָפּגעביטן ווערן דורך אַ נייעם רעאַקציאָנערן זיגזאַג, ווי אין דער צייט פון אַלעקסאַנדר III, וואָס האָט צוריקגעשלײַדערט די צאַ־רישע פּאָליטיק צום פעאָדאַלן מיטלאַלטער. אַזוינע פעריאָדן פלעגן באַגלייט ווערן פון אַ סדרה גרושים, פּאָגראָמען און בלערליי רדיפות, וואָס זייער ציל איז געווען צוריק אַרײַנצושפאַרן מיט אַלע מיטלען די ייִדישע מאַסן אין איינגן סאָציאַל־פּאָליטישן און קולטורעלן תחום. אין אַזוינע מאָמענטן פלעגט מען דעם ייִדישן גרויסקאַפּיטאַל קענען זיין ווילן ווידעראַמאָל דערמאָנען וועגן זיין ייִדישקייט. בײַ די מיטעלע שיכטן פון דער ייִדישער בור־זשואַזיע און אינטעליגענץ פלעגט די רעאַקציע אין אַזוינע מאָ־

מענטן אָפּטויטן די דערגרײכערישע אילוזיעס, און אַרויסרופנדיק יאוש=שטימונגען זײַ צוריקשטופּן אין די אָרימס פון נאַציאָנאַליזם. די אײַנפלוס=ספערע פון דער גרויס בורזשואַזי=אַסימילאַטאָרישער אידעאָלאָגיע אינם יידישן לעבן פלעגט דערבײַ אײַנגעענגט ווערן.

דער רוסיש=יידישער גרויסקאַפּיטאַל איז מיט טויזנטער פעדים געווען צונויפגעבונדן מיט דער יידישער גרויסבורזשואַזיע אין מערב=אײראָפּע. עס איז דעריבער פאַרשטענדלעך, וואָס אין אן עת צרה פלעגט ער זיך ווענדן נאָך הילף צו זײַנע מערב=אײראָפּעישע „גלויבן=ברידער". און די מאַגנאַטן פונם יידישן גרויסקאַפּיטאַל, ווי קרעמיע, מאָנטעפיאָרע, הירש און די ראָטשילדס, פלעגן זיך שטענדיק אָפּרופן און זיך אײַנשטעלן פאַר די „הייליקע רעכט פון זייערע גערודפטע מזרח=ברידער". כאַבאַר, בקשות, פּעטיציעס, פּראָטעסט=מיטינגען און אין באַזונדערש קריטישע פאַלן, — אפילו צו פינאַנסירן צאַרישע הלוואות — דאָס זײַנען געווען די גרויס=קאַפּיטאַליסטישע מעטאָדן פון „קאַמף" פאַר דער צעשטערונג פונם רוסישן געטאָ, פאַר עמאַנסיפּאַציע און אַסימילאַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד.

אין אַלגעמיין זײַנען די רוסלענדישע יידן געווען פאַרן יידישן גרויסקאַפּיטאַל דער אָ ב י ע ק ט פון פילאַנטראָפּישער דערלייזונג. מען האָט אומעטום געגרינדעט געזעלשאַפטן און פאָנדן צו העלפן אָרימע מזרח=יידן, און אויך אין רוסלאַנד גופא האָט מען מיט דער צושטימונג פון דער צאַרישער רעגירונג געגרינדעט אַזעלכע אינסטיטוציעס, ווי די „איקאַ"=קאָמיטעטן.

אף וויפיל דער יידישער גרויסקאַפּיטאַל האָט אָנגעהויבן אויפצוטרעטן אין רוסלאַנד אויך אַלס זעלבשטענדיקער סוביעקט און טרעגער פון דער פּלוטאָקראַטישער פּאָליטיק, איז דער וועג פאַר אים שוין געווען אינגאַנצן פאָרגעצייכנט דורך זײַנע מערב=אײראָפּעישע וועגווײַזער. צוערשט פּאָליטישע און בירגערלעכע עמאַנסיפּאַציע, דערנאָך קולטורעלע און סאָציאַלע צונויפשמעלצונג און סוף כל=סוף דורכן אָפּוואַרפן פון די רעליגיעזע רודימענטן און דורך שמד, צום לאַנג=געחלומטן ציל — דער אויפלייזונג

אין דעם יונגן רוסלענדישן קאַפּיטאַליסטן־קלאַס מיט זײַנע קאָלאָסאַ־
לע באַרײַכערונגס־מעגלעכקײַטן.

דאָס איז געווען די אַלגעמײַנע פּאָליטישע ריכטליניע פון די ייִדישע פּני, וואָס פלעגן געבן דעם טאָן דער ייִדישער פּאָלי־טיק הן אינעווייניק, הן אויסווייניק. דאָס האָט אויך באַשטימט זײַער באַציונג צו אַלע איבעריקע שיכטן און גרופּן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. מיטן ייִדישן המון און מיט די אָר־בעטנדיקע מאַסן האָט די ייִדישע גרויסבורזשואַזיע קײן דירעקטע באַרירונגס־פּונקטן נישט געהאַט און צו זיי און צו זײַער „זשאַר־גאָן־שפּראַך“ האָט זי זיך באַצויגן מיט פאַראַכטונג. די ציוניס־טיש־נאַציאָנאַליסטישע בײַנקענישן פון דער ייִדישער מיטל־ און קלײנבורזשואַזיע זײַנען דעם ייִדישן גרויסקאַפּיטאַל אויך געווען פרעמד, און הן פון עקאָנאָמישע, הן פון פּאַטריאָטיש־קריטישע מאָטיוון פלעגן זיי זיך שטרײַנג אָפּגרענעצן אָט פון די „יציאת־מצרים“־שטימונגען.

פּאַרוויקלטער זײַנען געווען די באַציונגען פון דער גרויס־בירגערלעכער אַסימילאַציע צו די אָרטאָדאָקסן. אף וויפיל די לעצטע האָבן זיך געשטיצט אף געוויסע שיכטן פון דעם ייִדישן מיטלבירגערטום און געהאַט אַ באַדײַטנדיקע השפּעה אויך אַפן קלײנבירגערטום, איז דער אַסימילאַציע אויסגעקומען צו פירן אַ צווייקן שפּיל.

לויט זײַן סאָציאַלן מהות איז דער ייִדישער גרויסקאַפּיטאַל געווען פרײַ פון די רעליגיעזע טראַדיציעס; רעליגיע און פילאַנ־טראָפּיע זײַנען פאָרט געבליבן די אײנציקע פעדים, וואָס האָבן רײן־אויסערלעך באַהעפט די טרעגער פון דעם ייִדישן גרויסקאַפּי־טאַל מיט די אַנדערע טײלן פון דעם ייִדישן פאָלק. דערמיט דערקלערט זיך די צביעותדיקע באַציונג פון דער אַסימילאַציע צו דער רעליגיעזער פּראָבלעם, ווי אויך צו דער „הײליקער שפּראַך“.

אַ באַזונדערע פּ אָ ל י ט י ש ע פּראָגראַם, ווי אַזוי צו דער־גרייכן אירע „אידעאַלן“, האָט די ייִדישע גרויסבורזשואַזיע נישט געהאַט, אויב מען זאָל נישט רעכענען פאַר אַ פּראָגראַם טריי־אונטערטעניקע בקשות. אַקטיוויקײַט פלעגן דיראָזיקע עלעמענטן

אַרויסווייזן נאָר אין מאָמענטן פון פאַרשאַרפטע רדיפות און גזירות. אַף אַזוינע פאַרפאָלגונגען פלעגט מען ענטפערן מיט צוזאַמענפאָרן פון יידישע כּלל־טוער און רבנים, וואָס פלעגן דורך פייערלעכע שבועות פאַרזיכערן, אַז יידן בילדן נישט קיין באַזונדערן ״קאַגאַל״ (кагал) און אַז יידן זיינען און ווילן זיין נאָר טריי־אונטער־טעניקע רוסלענדישע בירגער. דער היסטאָרישער מוסטער, וואָס האָט געשוועבט פאַר זייערע אויגן איז בלי־ספק געווען דער נאַ־פּאָלעאָנישער סנהדרין.

דער גרונטשטרעבן פון דער יידישער בורזשואַזיע צו באַ־זייטיקן די נאַציאָנאַל־קולטורעלע מחיצה, וואָס טיילט אָפּ די יידן פון דער רוסישער מערהייט, האָט געפירט צו דער גרינדונג פון דער באַרימטער ,,געזעלשאַפט צו פאַרשפרייטן בילדונג צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד״. (חברה מפיצי השכלה) — ״אָפּע״ לעגאַליזירט אין 1863. אָט דידאָזיקע געזעלשאַפט האָט זיך נישט צופעליק געפונען אין משך פון צענדליקער יאָרן אונטער דער אָנפירונג פון דער באַראָנאָקראַטיע — דער דינאַסטיע גינצ־בורג. כּדי צו דערגרייכן איר הויפּטציל, האָט די געזעלשאַפט מיט אַלע מיטלען געשטרעבט צו באַזייטיקן דעם פאַרהאַסטן יידיש — די שפּראַך פון דעם המון, פון די ,,בונטאַרישע״ יידישע אַרבעטער. די הויפּטטעטיקייט פון דער געזעלשאַפט איז באַשטאַנען אין בויען רוסישע שולן. נאָר אַף וויפיל מען האָט אין זיי דירעקט נישט געקאָנט אַריינציען די טראַדיציאָנעל־גע־שטימטע יידישע מאַסן, האָט מען פאַר זיי איינגעפירט די קאָמ־בינירטע אַסימילאַציע-סיסטעם: העברעיש־רוסישע שולן, וווּ העב־רעיש האָט דערפילט די פונקציע פון דערלייכטערן דעם איבער־גאַנג צו רוסיש. דער וועג איז שטענדיק געבליבן דער אייגענער — פון יידיש דורך העברעיש צו רוסיש, ווייל דער עיקר איז געווען און געבליבן — פאַרלייכטערן דעם וועג צום רוסלענדישן מערווערט.

כּדי לויטן מערב־אייראָפּעישן מוסטער צו דערווייזן, אַז יידן זיינען אויך נוצלעכע בירגער, האָט מען צוגעטראַכט אַ סיסטעמאַטישן פּראָדוקטיווירונג־געפּילדער, הינטער וועלכן מען

האָט געקאָנט מיט אַ רויִקן געוויסן ווייטער פירן די אוראַלטע סוחריש־פאַרמיטלערישע עסקים.

אין 1880־טן יאָר איז דורך די בולטסטע פיגורן פון דער יידישער גרויסבורזשואַזיע — פּאָליאַקאָוו און באַראָן גינצבורג — געגרינדעט געוואָרן די „געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן מלאכה און ערדאַרבעט צווישן יידן אין רוסלאַנד״ („אָרט״); דער הויפּטציל פון דער געזעלשאַפט — בשתיקה אַרויסצופּעקלען פון תחום גרעסערע מאַסן יידישע בעלי־מלאכות—האָט זיך אינגאַנצן נישט איינגעגעבן. דאַמאָלסט האָט מען זיך גענומען פּראָפּאַגאַנדירן מלאכה און ערדאַרבעט פאַר יידישע אָרימעלייט, עפענענדיק דרך אגב פאַר זיי רוסיפיקאַטאָרישע שולן. אין משך פון עטלעכע צענדליק יאָר האָט דידאָזיקע געזעלשאַפט אָן אופהער מעלאָדעקלאַמירט וועגן דער ייִכמיקייט און נוצלעכקייט פון פּראָדוקטיווער אַרבעט און פאַקטיש זייער ווייניק אַף דעם געביט אופגעטאָן. ווייל דער ציל איז דאָ געווען נישט אופטאָן, נאָר באַווייזן וועמען געהעריק איז, אַז אויב מיר זיינען נישט נוצלעכע פּראָדוקטיווע בירגער, מאַכן מיר לכל הפחות דעם אָנשטעל, אַז מיר ווילן זיין אַזעלכע נוצלעכע בירגער, וואָס פאַרדינען גלייכבאַרעכטיקונג. די פּראָדוקטיווירונג־פּראַזעאָלאָגיע איז פאַר דער יידישער בורזשואַזיע און אינטעליגענץ געווען אַ רויכפאָרהאַנג, הינטער וועלכן זיי האָבן מיט אַ רויִקן געוויסן פאַרמערט זייערע ניט־פּראָדוקטיווע פּרנסות. נאָך דער רעוואָלוציע 1905 איז די אָנפירונג מיט דעם „אָרט״ איבערגעגאַנגען צום יידישן קליינבירגערטום, און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט איז אויך באַדייטנדיק דעמאָקראַטיזירט געוואָרן די טעטיקייט פון דעם „אָרט״. אין אַ זעלבשטענדיקער פּאָליטישער פּאַרטײ האָט זיך די יידישע גרויסבורזשואַזיע אין רוסלאַנד נישט גענויטיקט. די רוסישע רעגירונג האָט אירע אינטערעסן סיי ווי אָפּגעהיט ווי געהעריק. אַף ווייפיל אָבער דער אַלרוסלענדישער גרויסקאַפּיטאַל האָט אין אַלגעמיין זיך געשפּילט אין אָפּאָזיציע קעגן צאַריזם, האָט אויך די יידישע פּלוטאָקראַטיע זיך באַטייליקט אין אָט דעם שפּיל, פּראָקלאַמירנדיק דערביי אַלס גרענעץ־לאָזונג: „נישט לינקער פון די קאַדעטן (קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטן)״

און צווישן די קאדעטן האָבן פאַרטרעטער פון דער ייִדישער גרויסבורזשואַזיע געשפילט אַ באַדייטנדיקע ראָל (ווינאַווער, סליאָזבערג).

דער רעוואָלוציאָנערער אופשוווּנק פון 1905 האָט געזעלשאַפטלעך מאָביליזירט די ברייטע ייִדישע פאָלקמאַסע און האָט זי פּאָליטיש דיפערענצירט לויט אירע סאָציאַל-עקאנאָמישע באַשטאַנדטיילן. כּדי נישט צו בלייבן אָן יעדן איינפלוס אַף די ייִדישע מאַסן און אַפן גאַנג פון דער ייִדישער פּאָליטיק, איז די ייִדישע גרויסבורזשואַזיע געצווּנגען געווען אויסצוטיילן אַ ספּעציעלע פאַרטרעטונג פון אירע פּאָליטישע אינטערעסן אין דער ייִדישער סביבה. אַפן צוזאַמענפאָר פון די ייִדישע כּלל-טוער אין ווילנע אין מאַרט 1905 איז געשאַפן געוואָרן דער „פאַרבאַנד צו דערגרייכן ייִדישע גלייכבאַרעכטיקונג אין רוסלאַנד”, וואָס האָט אַרומגענומען די ייִדישע גרויס-, מיטל- און קליינבורזשואַזיע אין זייער געמיינזאַמען קאַמף פאַר גלייך- און פולבאַרעכטיקונג. די פאָרשטייער פון דער ייִדישער גרויסבורזשואַזיע האָבן געבילדעט דעם עקסטרעם-רעכטן פליגל פונם פאַרבאַנד.

די ווייטערדיקע פּאָליטישע דיפערענצירונג אינם גאַנג פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע האָט געפירט צו דעם פאַנאַנדערפאַל פון דעם „פאַרבאַנד צו דערגרייכן די ייִדישע גלייכבאַרעכטיקונג“ אַף זיינע הויפטבאַשטאַנדטיילן. אינאָנהויב 1907 איז פאָרגעקומען דער גרינדונג-צוזאַמענפאָר פון דער ייִדישער פאָלקסגרופּע אַלס זעלבסטשטענדיק-פּאָליטישע פּאַרטיי. אַף דעם צוזאַמענפאָר זיינען אָנגעמערקט געוואָרן, פאַרשטייט זיך, אין דער צו דער רעוואָלוציע-צייט צוגעפּאַסטער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישער פראַזעאָלאָגיע דער פּאָליטישער וועג פון דער ייִדישער גרויסבורזשואַזיע. אין דער דאַמאָלסט אַקטועלער פראַגע וועגן דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע-פאָרם פון די ייִדישע מאַסן האָט זיך די פאָלקסגרופּע געשטעלט אַפן טראַדיציאָנעלן אַסימילאַציע-שטאַנדפּונקט. באַטראַכטנדיק ייִדן אַלס רעליגיעזן פאַרבאַנד, האָט די פאָלקסגרופּע זיך באַגנוגנט מיט דער פאָדערונג צו לעגאַליזירן די ייִדישע געמיינדעס. דערביי האָט זי זיך שאַרף אָפּגעגרענעצט פונם ציוניס-

טישן מיטלשטאַנד. פון אַלגעמיינע טעאָרעטישע הנחות און פראַג־ראַם־פאָדערונגען האָט מען זיך מיט אַ סוועריענער פּראַקטיצירונג אָפּגעזאָגט. אין תוך איז די יידישע פאָלקס־גרופּע געווען אַ יידישע פיליאַלע פון דער קאַדעטן־פּאַרטיי מיט די קאַדעטן־לידערס, ווינאַווער, סליאָזבערג און קולישער בראָש.

די אַסימילאַציע־אידעאָלאָגיע פון דער יידישער בורזשואַזיע איז געווען אייגנ צונויפגעפלאָכטן מיט די דערגרייכערישע אילוזיעס פון יידישן בירגערטום. אַף וויפיל די לעצטע פלעגן אין מאָמענטן פון ליבעראַלן רעגירונגס־קורס פאַרשטאַרקט ווערן, פלעגט דער אַסימילאַציע־דורשט פאַרכאַפּן אַלץ ברייטערע שיכטן פון דעם יידישן בירגערטום, באַזונדערש פון דער אינטעליגענץ. די לעצטע האָט מער פון אַלעמען געשפּירט אַף זיך דעם יאָך פון די פּאָ־ליטישע און בירגערלעכע באַגרענצונגען. דער לאַנגזאַמער און שוואַנקענדיקער טעמפּ פון די רעגירונג־רעפאָרמען האָט די קרייזן נישט געקענט באַפרידיקן. זיי האָבן דעריבער געבילדעט דעם אָ פּ אָ ז י צ י אָ נ ע ל ־ ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ש ן פליגל פון דעם אַסימילאַציע־לאַגער. אויב אין אַלגעמיין־פּאָליטישע פראַגן האָט די־דאָזיקע גרופּע אָפּגעטיילט פון דער גרויסבירגערלעכער אַסימילאַציע זייער געמעסיקטע אָפּאָזיציע צו דער רעגירונג, האָבן זיי אין די וויכטיקסטע פראַגן פונם יידישן לעבן אין אַלגעמיין געבילדעט אַן אייגהייטלעכן פראָנט מיט דעם יידישן־גרויסקאַפּיטאַל, אין ווע‍מעס השפּעה־קרייז אַ גרויסער טייל פון דער יידישער בירגערלעכער אינטעליגענץ האָט זיך געפונען. די באַשטרעבונגען און אידעאָלאָ־גיע פון אָט דער דעמאָקראַטישער אַסימילאַציע האָבן באַקומען זייער אויסדרוק אין דעם זשורנאַל „וואָסכאָד" (Восход) (1909—1881).

סוף 1904 ד. ה. אינם מאָמענט פון רעוואָלוציאָנערן אופ־שוווּנג, האָבן אָט די עלעמענטן געמאַכט אַ פּרווו צו שאַפן אַ זעלבשטענדיקע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע — די י י ד י ש ע ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ש ע ג ר ו פּ ע מיט ל. בראַמסאָן, ג. לאַנדוי און ביקערמאַן בראָש. אין די באַדינגונגען פון רעוואָלוציאָנערן אופשוווּנג, וואָס האָט אופגעוועקט די אַליינטעטיקייט פון די ברייטע

יידישע פאָלק־מאַסן האָבן די „ראַדיקאַל״־אסימילאַטאָרן פון דער יידישער בירגערלעכער אינטעליגענץ קיין דערפאָלג נישט געקאָנט האָבן. דער פאַרשאַרפטער קאַמף צווישן רעאַקציע און רעוואָלוציע האָט אינגיכן איננאַנצן איזאָלירט די יידישע גרויסבורזשואַזיע און איר דעמאָקראַטיש־אינטעליגענטישן אָפּצווייג פון יעדן איינפלוס אַף די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען פון די יידישע מאַסן. די אסימילאַטאָרישע עלעמענטן הויבן זיך אָן אַלץ מער צו באַנוצן מיט דער נאַציאָנאַל דעמאָקראַטישער פראַזעאָלאָגיע און געוויסע שיכטן פון זיי בילדן אַפילו די פעריפעריע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

# VIII.

# אָרטאָדאָקסיע.

די סאָציאַל־פּאָליטישע סתירות אינעם מיטלבירגערטום / רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע / די אמונה אַלס מיטל פון סאָציאַלער באַהערשונג / אָרגאַניזאַציע פון דער אָרטאָדאָקסיע: כלי־קודש, בילדונג, צדקה־חברות / דער באַלזאַמירטער בר־מנן פון משיח־גלויבן / פון מעסיאַניזם צו מיסיאָניזם / מאָדערניזירונג פון דער יידישער רעליגיע / קלעריקאַליזם קעגן סאָציאַליזם.

דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער זיין פון דער יידישער מיטלבורזשואַזיע איז פול מיט טיפע ווידערשפרוכן; רייך מיט אינעווייניקסטע סתירות איז דעריבער אויך איר געזעלשאַפטלעכער באַוווסטזיין. אַף וויפיל איר סאָציאַלע טבע טרייבט זי צו דערגרייכן די הויכן פון דעם גרויסבירגערטום, ווערט אין דער יידישער מיטלבורזשואַזיע דערוועקט די שטרעבונג זיך אַרויסצורייסן פון די איינגע ד׳ אמות — אין דער גרויסער נישט יידישער וועלט אַריין. דאָס שטרעבן צום סאָציאַלן אויבן איז דאָ איינג פאַרבונדן מיט דער אָריענטאַציע אַף אויסן אין נאַציאָנאַלן זין. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז דאָ אינעם מיטלבירגערטום, קען אָט דאָס שטרעבן נישט באַקומען אַזאַ אָפענעם און בולטן אויסדרוק, ווי בא דער יידישער גרויסבורזשואַזיע. זי איז אויך פּאַטריאָטיש, תּושבריק געשטימט,

אויך זי געפינט אײן, אַז די גלות־וועלט איז אײגנטלעך נישט די ערגסטע פון אַלע וועלטן, און אין תוך גענומען, האָט זי אויך גאָרנישט קעגן דעם, וואָס די ייִדן ווערן ניט גערעכנט אַלס נאַציע און וואָס זייער רעליגיעזע געמײנשאַפט ווערט אויך אַלײן מאָגע־רער און בלוטאָרימער. נאָר אַף וויפיל דער ייִדישער מיטלבור־זשואַזיע קומט פאָרט אויס זיך צונױפצושטויסן מיט דער ברייטער ייִדישער מאַסע, וואָס איז נאָך אָנגעזאַפט מיט טראַדיציעס פון בעסמעדרעש און ייִדישקייט, קאָן זי נישט אַזוי אָפנהאַרציק אופ־דעקן אירע אַנטגילטיקע כוונות און אין פראַקטישן לעבן קומט איר דעריבער אויס צו גײן אַף די פאַרשיידנסטע געזעלשאַפטלעך־גײסטיקע קאָמפּראָמיסן, ווייל סאָציאַל־עקאָנאָמיש איז זי נאָך אין אסך פרטים צונויפגעוואַקסן מיטן ייִדישן המון. דאָס רופט אַרויס אַן אָרגאַנישע סאָציאַל־פּאָליטישע אָריענטאַציע פונם ייִדישן מיטל־בירגער אויך נאָך א ו נ ט ן און אַף אַזויפיל אַף א י נ ע ו וײ נ י ק. זי קערט זיך מיטן פנים צו דער ברייטער מאַסע; דער נאַציאָ־נאַליזם איז דעריבער אויך אײנער פון די גרונט־יסודות פון דער מיטלבירגערלעכער פּסיכאָ־אידעאָלאָגיע.

פאַר אָט די ביידע פּנימער פון דעם ייִדישן באַלעבאָס — דעם אַסימילאַטאָרישן און נאַציאָנאַליסטישן — איז כאַראַקטעריסטיש אײן געמײנזאַמער שטריך: דאָס אויסנוצן די רעליגיעזע טראַדיציעס אַלס כּלי־זין געזעלשאַפטלעך צו באַ־הערשן די ייִדישע מאַסע. די אמונה שפּילט דעריבער אַ מער אָדער ווייניקער באַדייטנדיקע ראָל, סײ באַ דעם תּושבֿדיק־אַלײנ־באַוווסטן טייל פון דעם ייִדישן מיטלבירגערטום, סײ דעם נאַצי־אָנאַליסטישן טייל אירן, וואָס פּילט זיך פרעמד אין „גלות“. באַ דער ערשטער אָבער בילדעט די רעליגיע דעם פאָרמעלן גרונט־יסוד פון איר כאָציאַל־פּאָליטישער אָריענטאַציע, בעת באַ דער צווייטער שפּילט זי מער די ראָל פון אַ טאַקטישן הילפמיטל.

מער ווי יעדע רעליגיע שטרעבט די ייִדישע אמונה צו נאָר־מירן די פאַרשיידנסטע געביטן פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. זי שרײַבט פאָר, וואָס מען דאַרף טאָן און וואָס מען דאַרף נישט טאָן אין די וויכטיקסטע פאַלן פונם לעבן. זי שטרעבט אין אַסך

פּרטים צו פאַרבײַטן פאַר די ייִדן דעם אײַזערנעם רינג פון מלוכהשע צוואַנג=נאָרמען. אין דער אײגענער צײַט אָבער האָט די ייִדישע רעליגיע נישט קײן פאָרמעלן צוואַנג=כח. זי איז צונויפגעבונדן מיט די אָדער יענע גלויבן=עיקרים, מיט די אָדער יענע ריטועלע סימבאָלן.

סײַ דער גלויבן, סײַ דער ריטוס, האָבן זײער יסוד אין דעם יחידישן ווילן. דערפאַר פאַלט דעם יחיד דער אָפּזאָג פון דער אָדער יענער רעליגיע על פּי ערך זײער לײַכט, ווײַל די אָביעקטיווע פאַקטאָרן שפּילן אין דער רעליגיע א באַדײַטנדיק קלענערע ראָל, ווי די סוביעקטיווע איבערלעבונגען. דאָס האָט קלאָר באַוויזן די געשיכטע פון די ייִדישע מאַראַנען, אָנהײבנדיק מיטן מיטלאַלטערלעכן שפּאַניען און ענדיקנדיק מיטן נײַצײַטלעכן דײַטשלאַנד.

די נאַציאָנאַלע געמײנשאַפט באַקומט אַסך אַ פּיל=זײַטיקערן אָביעקטיוון אויסדרוק אינם געזעלשאַפטלעכן לעבן. אחוץ דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזײַן, האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט געוויסע פּסיכישע און אינטעלעקטועלע אײגנשאַפטן, וואָס דריקן זיך אויס אין דעם אָדער יענעם וועלט=באַנעם, אין די אָדער יענע מנהגים, און אַנדערע געביטן פון דעם לעבן־שטײגער. דער עיקר אָבער באַקומט די נאַציאָנאַליטעט איר אָביעקטיוון אויסדרוק אין דער אײגנאַרטיקער קולטור און — וואָס מוז באַזונדערש אונטערשטריכן ווערן, — אין דער שפּראַך. דאָס זײַנען אָביעקטיווע נאָרמען, וואָס פאַרבינדן דעם יחיד מיט אַ באַשטימטן קולטור=קיבוץ; דאָס אָפּרײַסן זיך פון אָט דעם קולטור־קאָלעקטיוו קאָן דעריבער נישט דורכגעפירט ווערן דורך אַ פּשוטן ווילן=אַקט, נאָר ס'איז אַ מער=ווײניקער לאַנג=דויערנדיקער, אָפט ווײטיקפולער פּראָצעס; און פאַר זײַן אַנטגילטיקער דורכפירונג זײַנען געוויינלעך נויטיק דורות. אָט דאָס איז דער טיפער אונטערשייד, וואָס טײלט אָפּ די רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיעס.

דער סאָציאַל=עקאָנאָמיש מער אײנגעפונדעוועטער טײל פון דער ייִדישער מיטלבורזשואַזיע פילט זיך נישט אין גלות, אָדער

שפּירט אים זייער ווייניק; דערצו וויל ער זיך נישט וואַרפן אין די אויגן דער אַרומיקער קאָנקורענץ דורך בולט־באַמערקבאַרע אָביעקטיווע סימנים, אָבער פון דער אַנדער זייט נויטיקט ער זיך נאָך אין באַשטימטע, הינטערן פראָנט צוגעגרייטע פּאָזיציעס, אין וועלכע מען זאָל זיך קענען צוריקציען אין פאַל פון אַ מפּלה אינם קאָנקורענץ־קאַמף. דעריבער האָט דער טייל פון דעם יידישן מיטלבירגערטום אויסגעקליבן פאַר אַזאַ רעזערוו־פּאָזיציע דווקא די רעליגיעזע און נישט די נאַציאָנאַלע נאָרמען. די רע־ליגיע איז באַוונדערש באקוועם דערמיט, וואָס אין נאָרמאַלע רויקע צייטן, לאָזט זי זיך לייכט און פולשטענדיק פאַרמאַסקירן — באַ זיך אינדערהיים און יעדנפאַלס נישט ווייטער פונם בעסמעדרעש, לויטן פּרינציפּ „יהי יהודי באוהליך ואדם בצאתיך". פון דער אַנדער זייט איז די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציע דער פּאַסנדסטער סו־ראָגאַט, וואָס קאָן פאַר די יידישע מאַסן פאַרבייטן די פעלנדיקע מלוכהש־טעריטאָריאַלע אָרגאַניזאַציע־פאָרמען.

דער בעסמעדרעש איז זייט יאָרהונדערטער געווען און גע־בליבן דער מיטלפּונקט דורך וועלכן און אַרום וועלכן די גייראָ־קראַטיע האָט באַהערשט די ברייטסטע יידישע מאַסן. די תקיפים און נגידים זיינען אויך אין דער תקופה געבליבן די אָנפירער פון דעם עפנטלעכן יידישן לעבן, זיינע פאָרשטייער לגבי אינעווייניק און אויסווייניק. די העכערע שיכט פון דער מיטלבורזשואַזיע פלעגט פון דער צאַרישער רעגירונג אויסגענוצט ווערן אַלס פאַרמיטלונגס־אינסטאַנץ צו האַלטן דעם יידישן המון אין גרייער אונטערטעני־קייט. פון אָט די קרייזן פון די „פאַרמעגלעכע און תושבדיקע" יידן פלעגט די רעגירונג באַשטימען אַלע אירע באאמטע און אגענטן אין דער יידישער סביבה.

די רעליגיע איז זייט הונדערטער יאָרן געווען דער אָרגאַ־ניזאַציע־פּרינציפּ פון געטאָ און קהלה. די רעליגיע איז דערי־בער אָנגעזאַפּט מיט די טראַדיציעס פון באַלעבאַטישער מאַסן־באַהערשונג. עס לעבט אין איר אַ מויזנט־יאָריקע אינערציע פון גייסטיקער מאַסן־פאַרשקלאַפונג. דעריבער האָט די אמונה אין

די באַרינגונגען פון דעם יידישן געטאָ־לעבן געקאָנט בילדן דעם ערזאַץ פונם מלוכה־פּעטישיזם.

די הערשער און מאַנגעבער פון דער געמיינדע זיינען די גבאים — די טרעגער פון דער גוויראָקראַטיע. אין די הענט פון די גבאים האָבן זיך געפונען אַלע פעדים פונם קהלשן לעבן. כדי צו מאכן פאַרן המון וויניקער באמערקבאַר די גבירישע הערשאַפט, איז צווישן אים און דעם גבאי אָוועקגעשטעלט געוואָרן דער ראַבינאַט, וואָס איז געווען אינגאַנצן אָפּהענגיק פון דער נגידישער מזרח־וואַנט. דער רב האָט דערביי אָפט גע־שפילט די ראָל פון אַ בלומרשטן טריבון פון דער אָרימער מאַסע. אין אָט דער תקופה איז נאָך פאַרבליבן די טראַדיציאָ־נעלע וויט־פאַרצווייגטע כלי־קודש־יעראַרכיע: פון גאונים, רבנים, דינים, מגידים, חזנים, מוהלים, שמשים, שוחטים א. א. דאָס איז גע־ווען דער אַפּאַראַט פון דער גוויראָקראַטיע. אין די מיטלע שטעט פונם תחום פלעגט די רעגירונג באַשטימען פון אָט די תקיפים די יידישע פאָרשטייער אין די מוניציפּאַלע אַלינפאַר־וואַלטונגען, פון זייער סביבה פלעגן אויך באַשטימט ווערן די „קאַזיאָנע" רבנים, ד. ה. די רעגירונג־משגיחים איבערן אינעווייני־ניקסטן יידישן לעבן.

אין איר נעזעצגעבונג לגבי די יידן האָט די צאַרישע רע־גירונג אינגאַנצן איבערגענומען די טערמינאָלאָגיע פון דער יידי־שער גרויס־ און מיטלבורזשואַזיע, באַצייכנענדיק און באהאנדלענדיק די יידן אויסשליסלעך אַלס רעליגיעזע געמיינשאַפט. אַלע יידישע צוזאַמענפאָרן און אינסטיטוציעס, וואָס פלעגן צונויפגערופן און גע־שאַפן ווערן מיטן הסכם פון דער רעגירונג, פלעגן געבויט זיין אויפן רעליגיעזן פּרינציפּ און די אָרטאָדאָקסיע פלעגט האָבן אין זיי די הויפּט־דעה. דער העכסטער אָרגאַן אין יידישע ענינים, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט צונויפגערופן ווערן באַם אינערן־מיניסטעריום, כדי צו באַטראַכטן די וויכטיקסטע יידישע ענינים אינם מלוכה־מאַסשטאַב, זיינען געווען די רבנים־קאָמי־סיעס צונויפגעשטעלט פון וועלטלעכע און רעליגיעזע פּני. אַזעלכע גביריש־רבנישע קאָמיסיעס זיינען אינגאַנצן צונויפגערופן

געוואָרן 6 מאָל: אין 1852, 1857, 1861—1862, 1879, 1893—1894 און 1910.

פון צייט צו צייט פלעגן אויך צוזאַמענגערופן ווערן רבנים־צוזאַמענפאָרן, וואָס פלעגן בולט אַרויסווייזן דעם רעאַקציאָנערן כאַראַקטער פון דער יידישער אָרטאָדאָקסיע. אַף די צוזאַמענפאָרן פלעגן די יידישע בעלי־גופים און רבנים שטענדיק זיך פראָקלאַמירן אַלס טרייע רעגירונג־קנעכט און אלס מיטהעלפער פון דער פאָליטישער רעאַקציע אינם לאַנד. דאָס האָט זיך באַזונדערש בולט ארויסגעוויזן אין די רעאַקציע־יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע 1905. די רבנים־צוזאַמענפאָרן אין וואַרשע אין 1909 און אין פעטערבורג אין 1910 האָבן פאַרזיכערט דעם טלין פון דער רוסישער רעוואָלוציע — סטאָליפינען אין זייערע „אלונטערטעניקסטע" געפילן צו דער רעגירונג פון דער פּריצי־שער אַליינהערשאַפט.

אין די הענט פון דער אָרטאָדאָקסיע האָט זיך אויך אין אָט דער תקופה געפונען כמעט דאָס גאַנצע יידישע ב י ל־ ד ו נ ג ־ ו ו ע ז ן. פון איין זייט האָט די טראַדיציאָנעלע סיס־טעם פון חדרים און ישיבות אָפּגעטיילט די ברייטסטע יידישע מאַסן פון דער אַרומיקער וועלט מיט אַ הויכן מויער, האַלטנדיק זיי אינם רבנישן גדר. פון דער אַנדער זייט האָבן די תלמוד־תורות, חדרים מתוקנים, רבנים־שולן און סעמינאַרן געשטרעבט צוצופאַסן די אָרטאָדאָקסאַלע בילדונג צו די פאָדערונגען פון דער נייער צייט. אַלס אָרגאַנישער טייל פון דער גוויראָקראַטיע מוז אויך באַצייכנט ווערן די וויט־פאַרצווייגטע סיסטעם פון צ ד ק ה ־ ח ב ר ו ת, וואָס נעמען אַרום און באַדינען כמעט אַלע זייטן פון דעם יידישן עפנטלעכן לעבן. פאַרשטייט זיך, אַז אַלע די סומך־נופלימס, הכנסת־כלות, מלביש־ארומימס, ביקור־חולימס און חברה־קדישא' זיינען געבויט אַף די פּרינציפּן פון אמונה און צדקה. די פילאַנטראָפּיע, די צדקה־גדולה טרעט דאָ אויף לעבן דער רעליגיע אַלס צווייטער הויפּטזייל פון דער רבניש־גבירישער אָליגאַרכיע. אויב די גרויס בורזשואַזיע טרייבט איר פילאַנטראָ־

פישע פּאָליטיק אינם אַלוועלטלעכן מאַסשטאַב, טראָגט די צדקה־מעטיקייט פונם מיטלבירגערטום א לאָקאַלן כאַראַקטער.

אַלס עמיסאַר פון דער אַלגעמיינער מלוכה־מאַכט אין יידישן לעבן, אין וועמעס הענט עס האָט זיך געפונען דער רעגירונג־אַפּאַראַט אינם געטאָ גופא, האָט די יידישע מיטלבורזשואַזיע פאַקטיש מאָנאָפּאָליזירט ביז צום 20־טן יאָרהונדערט אַריין די באַדינונג פון דעם גאַנצן עפנטלעכן יידישן לעבן, דעריבער האָט זיך אויך די אָרטאָדאָקסאַלע יידישע מיטלבורזשואַזיע באמת נישט געניטיקט אין א באַזונדערער פּאָליטישער פּאַרטיי, וואָס איז אין תוך גענומען, נאָר אַ שפּרונג־ברעט צו דערגרייכן די מאַכט. ערשט אין דער לעצטער צייט, בעת די סאָציאַל־עקאָנאָמישע לאַגע און געזעלשאַפטלעכע שטימונגען פון דער יידישער מאַסע האָבן זיך באַדייטנדיק געענדערט, זיינען אויך אין די באַהערשונג־מעטאָדן פון דער יידישער אָרטאָדאָקסיע פאָרגעקומען געוויסע שינוים.

די אָרטאָדאָקסיע, אַלס אידעאָלאָגיע און געזעלשאַפטלעכע ריכטונג, איז זייט דורות ענג צונויפגעבונדן מיט די העכערע שיכטן, מיטן פאַרמעגלעכן און תושבדיקן טייל פונם יידישן פאָלק. דער בטחון אינם אַלמעכטיקן גאָט איז דאָ געווען א גייסטיקע פּראָיעקציע פון דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער איינגעוואָרצלטקייט און אַליינצופרידנקייט פונם יידישן תקיף. פון די קרייזן האָבן זיך שטענדיק רעקרוטירט די גרונט־קאַדרען און דער וועלטלעכער און גייסטלעכער גענעראַל־שטאַב פון דער אָרטאָדאָקסיע. איר ווירקונג־קרייז איז אָבער בשום אופן נישט געווען באַגרענעצט מיט אָט די שיכטן. אַדאַנק דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג זיינען אויך אין דער תקופה געוועזן באַדייטנדיקע יידישע מאַסן, וואָס זיינען דורך פאַרשאַרפטער קאָנקורענץ, אומענדלעכע פאַרפאָלגונגען און סאָציאַלע אויסזיכטלאָזיקייט אַלץ ווייטער געטריבן געוואָרן אינם תהום פון יאוש: און מחנות אונטערדריקטע, וואָס זעען אַרום זיך און פאַר זיך קיין צוקונפט ניט, זיינען אַלעמאָל געווען דער פּאַסנדיקסטער אָביעקט פאַר רעליגיעזער מיסטיפיקאַציע, פאַר טראַדיציאָנעלן גלויבן און אָבערגלויבן, פאַר עולם־

הבאַדיקע הבטחות, אמונה און צדקה, געזעלשאַפטלעכע אפּוטרופּסוס, און פּאָליטישע שתּדלנות — דאָס אַלץ האָט געשאַפן פאַר דעם אָרטאָדאָקסאַלן מיטלבירגערטום א גינסטיקן יסוד פאַר דער געזעלשאַפטלעכער באַהערשונג פון די ברייטסטע קליינבירגערלעכע ייִדישע שיכטן. פאַרן המון האָט מען אויך קאָנסערווירט דעם טויזנטיאָריקן משיח-חלום, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין די טיפענישן פון די פאָלקמאַסן דורך זייער בענקשאַפט נאָך סאָציאַלער באַפרייונג. די שטענדיקע און אומפאַרמיידלעכע מפּלות פון די ביז-איצטיקע משיח-באַוועגונגען, דאָס ווייטיקדיקע אומפרוכטבאַרע קלעטערן אַף דער גלייכער וואַנט אָן קלאָרע צילן און אָן גראַדע וועגן—דאָס אַלץ האָט שוין לאַנג פאַרשאָטן דעם משיח-גלויבן פון די ייִדישע מאַסן מיט בערג פון אש, און פאַרבליבן איז נאָר א ווייטער היסטאָרישער מיראַזש, א שוואַכער אָפּקלאַנג פון אַמאָליקן שטורם און דראַנג. און אָט דעם בר-מנן פון אַמאָליקן משיחיזם האָט די אָרטאָדאָקסיע פאַרבאַלזאַמירט מיט דער הילף פון דעם באַרימטן רופא און רעפאָרמאַטאָר רמב״ם, וואָס האָט אַריינגענומען משיחן אין איינע פון זיינע באַוווּסטע גלויבן-עיקרים. דורות-לאַנג האָט דער ייִדישער מאַסן-מענש געוואַרט אַף משיח דעם באַפרייער. האָט מען דעם גלייבן צביעותדיק קאַנאָניזירט: „אני מאמין באמונה שלמה בביאת המשיח״—איך גלויב מיטן פולן גלויבן אין דעם קומען פון משיח. נאָר כּדי די מאַסן זאָלן נישט געבראַכט ווערן צום נסיון איבערצוגיין פון פּאַסיוון אומשולדיקן גלויבן צו דירעקטע און געפערלעכע מעשים, ווערט דער גלויבן און די אומגעדולד פון די מאַסן תּיכּף אָפּגעקילט דורך אַן אָנהערעניש, אַז משיחס קומען קאָן זיך נאָך פאַרציען: „ואף על פי שיתמהמה, עם כל זה אחכה לו בכל יום שיבא״—און אויב אפילו ער וועט זיך פאַרשפּעטיקן, וועל איך אים דאָך וואַרטן, וועלכן טאָג ער זאָל נישט קומען. אויב אין דער טבע פון רמב״מס משיח ליגט פאַרשפּעטיקן, דאַמאָלסט בלייבט, פאַרשטייט זיך, דעם המון איבעריק איין זאַך: געדולדיק און געהאָרכזאַם צו וואַרטן, ביז ער וועט באַוויליקן זיך צו באַווייזן אפן ווייסן אייזל.

פון דעם אָפּאָזיציאָנעלן משיח, דעם וועקער צום שטרייט קעגן די באַזיצנדיקע און איבערגעזעטיקטע, איז געוואָרן א נאַרקאָטיש מיטל איינצושטילן דעם צאָרן און די בײנקשאַפט פון די ליידנדיקע מאַסן.

מיטן גלות האָט די אָרטאָדאָקסיע שוין לאַנג שלום געמאַכט. די מיטלבורזשואַזיע האָט גאָרנישט קעגן דעם, וואָס זי איז צעזייט און צעשפּרייט צווישן די אומות העולם מיט די גרעסטע מעגלעכקייטן פון קויפן־פאַרקויפן. די אויסלייזונג פונם גלות איז שוין לאַנג געוואָרן אַן איבעריקע זאַך. און וואָס מער די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג האָט אַריינגעפלאָכטן די יידישע בורזשואַזיע אינם אַרומיקן עקאָנאָמישן לעבן, אַלץ ווייטער האָט זי געמוזט אָפּשטויסן פון זיך דעם משיח־געדאַנק, אַלס סימבאָל פון קיבוץ־גליותא, אַלץ מער האָט מען אים געמוזט „נייטראַליזירן". און אָט די־דאָזיקע אָפּעראַציע איבערן משיחיזם האָט פאָרגענומען די רעפאָרמירטע אָרטאָדאָקסיע פון מערב־אייראָפּע און אמעריקע.

„אין דער צווייטער צעשטערונג פון דער יידישער מלוכה־שאַפט, זעען מיר אין נישט אַ שטראָף פאַר דער זינדיקייט פון פאָלק־ישראל, נאָר די געטלעכע כוונה, וואָס באַשטייט אין צעזייען דאָס פאָלק ישראל ווײַבער אַרבע פּינות העולם. כדי צו דערפילן די כהן־גדולדיקע שליחות, פירן די אומות העולם צו דערקענען דעם אמת אין דינען גאָט", — אַזוי האָט באַשלאָסן דער רבנים־צוזאַמענפאָר אין פילאַדעלפיע. דער גלות איז פון גאָט פאַרייסגעזען און באַשטימט, די יידן מוזן האַנדלען און וואַנדלען צווישן די אומות העולם, זיי זיינען די איינציקע באַזיצער פון דעם אייביקן אמת; דעריבער האָט אַף זיי דער אַלמעכטיקער אַרויפגעלייגט די שליחות צו פירן אַלע אַנדערע פעלקער. ווער קאָן זיך שטעלן קעגן גאָט און זיין אַלמעכטיקן ווילן?

אין אַ קינדיש־נאַיווער פאָרם קומט דאָ צום אויסדרוק די אַלץ־וואַקסנדיקע אַפּעטיטן פון דער יידישער פּלוטאָקראַטיע, די אימפּעריאַליסטישע חלומות פון דעם יידישן מיטל־ און גרויסקאַפּיטאַל אין אַ גייסטלעכער פאָרמולירונג, פון וועלכער עס שטאַרצן בילט אַרויס די סאָציאַל־פּאָליטישע עקספּאַנסיע־באַוועגונגען.

די געלערנטע אידעאָלאָגן פֿונם „רעפֿאָרם-יודנטום" ווי למשל הערמאַן קאָהען האָבן ווײַט און ברייט אַנטוויקלט אַף דעם יסוד די טעאָריע וועגן דער אוניווערסאַלער ייִדישער מיסיע אין דער וועלט-געשיכטע. פֿון „משיח" איז געוואָרן „מיסיע", פֿון מעסיאַניזם — מיסיאָניזם, פֿון דער סאָציאַלער מרידה קעגן די באַזיצנדיקע און מאַכטהאָבנדיקע איז געוואָרן די סאָציאַלע באַרעכטיקונג פֿונם אימפּעטפֿולן ריוח-געיעג. און אויב די לעגענדע וועגן דעם אַלוועלטלעכן ייִדישן קהל און די לעגענדע וועגן די חכמי-ציון האָבן געשאַפֿן די אַנטיסעמיטישע אידעאָלאָגן פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער קאָנקורענץ, האָבן דעם פֿונדאַמענט פֿאַר אָט דער לעגענדע געלייגט די אידעאָלאָגן פֿון דער ייִדישער פּלוטאָקראַטיע, וואָס וויל פֿירן די גאַנצע וועלט, וווהין זשע, אויב נישט צו „דערקענען דעם אייביקן אמת"?

אין מזרח איז מען אַזוי ווײַט נישט דערגאַנגען. דאָ זיצט נאָך משיח פֿעסט אין דעם זאָטל פֿונם געדולדיקן ווײַסן אייזל און דער נס פֿון קיבוץ-גליות מוז נאָך דערפֿילן זײַן פֿונקציע פֿון טרייסטן די פּאַריאַשטע. אָבער אויך דאָ האָט די נײַע צײַט פֿאַרלאַנגט די צופּאַסונג צו אירע פֿאָדערונגען. און אין פּשרה-מאַכערײַ מיט נײַע לעבן-באַדינגונגען האָט די ייִדישע אָרטאָדאָקסיע גענוג היסטאָרישע דערפֿאַרונגען. בעת די פֿאַרשטאַרקטע נאַציאָנאַליסטישע כוואַליע האָט צום סוף פֿון 19-טן יאָרהונדערט אַרויסגעטראָגן אַף איר רוקן דעם מאָדערניזירטן ציון-חלום, האָבן רעליגיעזע אויטאָריטעטן, ווי ר' יצחק אלחנן ספּעקטאָר, זיך גענומען צו דער „נאַטוראַליזאַציע" פֿון דעם משיח-נס. די גאולה וועט טאַקע קומען דורכן משיח-נס, אַף וועלכן מען מוז טרײַ-אונטערטעניק וואַרטן. דאָס קאָן אָבער נישט שטערן אָפּצוצאָלן דעם שקל און אויך אַף דעם אופן באַרויקן דאָס אומרײַנע געוויסן, ווײַל צווישן נס פֿון משיח און נס פֿונם טשאַרטער איז אין תוך גענומען קיין שום סתירה נישט פֿאַראַן.

אויך אַף אַלע אַנדערע לעבנגעביטן איז די אָרטאָדאָקסיע געטריבן געוואָרן צו די פֿאַרשיידנאַרטיקסטע קאָמפּראָמיסן. די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג האָט געבראַכט מיט זיך אַסך באַ-

דייטנדיקע שינויים אינם יידישן לעבן. דער תלמודיש-רבניסטישער גדר האָט געמוזט לייכטער געמאַכט ווערן פֿאַר די באַזיצנדיקע גופא. און אין שאלות און תשובות פֿון די אָרטאָדאָקסע אויטאָריטעטן, באַזונדערש פֿון ר׳ יצחק אלחנן ספּעקטאָר, ווערט אין אַ סך פּרטים לייכטער געמאַכט פֿאַרן באַלעבאָס דער טראַדיציאָנעלער עול התורה. נישט אומזיסט האָט זיך ספּעקטאָר, למשל, אַרומגעפּלאָגט מיט דער פּראָבלעם, ווי אַזוי צו דערלויבן צו באַנוצן זיך מיט דער אייזנבאַן אום שבת.

דער טראַדיציאָנעלער גלויבן ווערט אין דער באַהאַנדלטער תקופה וואָס ווייטער אַלץ מער אָפּגעשוואַכט צווישן די יידישע מאַסן, און אויך דאָס האָט געשטויסן די אָרטאָדאָקסיע אָפּן וועג פֿון ראַציאָנאַליסטישע קאָמפּראָמיסן און צביעותדיקער פּאָליטיק-מאַכערײַ. עס שטאַרקן זיך אין איר די קלעריקאַלע טענדענצן, און פֿון אַ פֿלומרשטער כלל-ישראל אָרגאַניזאַציע, וואָס שטרעבט אַרומצונעמען דאָס גאַנצע פֿאָלק, פֿאַרוואַנדלט זיך די אָרטאָדאָקסיע צום סוף פֿון אָט דער תקופה, אַלץ אָפֿענער און בולטער אין אַ פּאָליטישער קאַמף-אָרגאַניזאַציע פֿון דער יידישער מיטלבורזשואַזיע, באַזונדערש פֿון אירע בעל-גופֿישע שיכטן. אין יאָר 1912 איז אין קאַטאָוויץ צוזאַמענגערופֿן געוואָרן אַן אַלוועלטלעכער צוזאַמענפֿאָר פֿון די אָרטאָדאָקסן. דאָ איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פֿאַר דער אַלוועלטלעכער קלעריקאַלער פּאָליטיק-מאַכערײַ מיט דער הילף פֿון דער הייליקער תורה. די ניי-געשאַפֿענע אָרגאַניזאַציע האָט אונטער דעם לאָזונג פֿון אָפּהיטן די תורה-ריינקייט דערקלערט אַן אומבאַרחמנותדיקן אָרגאַניזירטן קאַמף אַלע קעגנער פֿון דער גביריש-רבנישער ממשלה. צום סוף פֿון אָט דער תקופה איז געשאַפֿן געוואָרן די „אגודת ישראל" — דער קלעריקאַלער אינטערנאַציאָנאַל פֿון דער יידישער מיטלבורזשואַזיע. ער שטייט אין אייגן קאָנטאַקט מיטן פֿילאַנטראָפּישן אינטערנאַציאָנאַל פֿון דער יידישער גרויסבורזשואַזיע און באַציט זיך מער אָדער ווייניקער טאָלעראַנט צו די נאַציאָנאַליסטישע לופֿט-שלעסער פֿון ציוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, באַקעמפֿנדיק דערבײַ דעם אַפּיקורסישן ליבעראַליזם פֿון דער ציוניסטישער אינטעליגענץ. און אויך צום

קליינבירגערלעכן אַווטאָנאָמיזם האָט די ארטאדאקסיע אַרויסגעוויזן אַ פּאָזיטיווע באַציונג, אַרויסשטעלנדיק דערבײַ די פאָדערונג וועגן דעם פאַרהערשנדיק־רעליגיעזן כאַראַקטער פון דער ייִדישער אַליינפאַרוואַלטונג.

אויב צו אַלע שיכטן און ריכטונגען פונם ייִדישן בירגערטום, האָט די אָרטאָדאָקסיע אַזוי אָדער אַנדערש געפונען דעם וועג פון פשרות און צוזאַמענאַרבעט, האָט זי בנוגע צו דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט און איר אידעאָלאָגיע אין דער תקופה פאַרנומען אַן אויסגעשפּראָכן פײַנטלעכע פּאָזיציע. אין קאַמף קעגן דער וואַקסנדיקער אַרבעטער־באַוועגונג האָט די ייִדישע אָרטאָדאָקסיע נישט נאָר ברייט און טרײַהאַרציק אונטערשטיצט די רעגירונג־רעאַקציע, זי פלעגט אָפּט אַף זיך אַליין נעמען די איניציאַטיוו פון פרײַוויליק באַקעמפן די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג. קהלה, בעסמעדרעש און צדקה־חברות זײַנען ברייט אויסגענוצט געוואָרן אינם עקשנותדיקן קאַמף קעגן סאָציאַליזם אין דער ייִדישער סביבה. פאַרײַנצלטע פּרוּוון פון דער ייִדישער ארטאָדאָקסיע צו גיין אַפן וועג פון די „קריסטלעך־סאָציאַלע” און צו טרײַבן מיט די אַרבעט־מאסן ייִדיש־סאָציאַלע דעמאַגאָגיע האָבן בײַ אַזוינע באַדינגונגען, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט האָבן אַ וועלכן ניט איז באַדײַטנדיקן דערפאָלג. דער וואַקסנדיקער סאָציאַליזם האָט אַנטגילטיק פאַרחתמעט דעם גורל פון דער ייִדישער ארטאדאקסיע, ווי פונם אינטערנאַציאָנאַלן קלעריקאַליזם בכלל.

IX

# ציוניזם.

די סאָציאַל=פּאָליטישע יסודות פון דער באַלעבאַטישער גלות=פּסיכאָלאָגיע / די «חובבי= ציון» און די «חובבי=שפת עבר» / דער גייסטיקער קריזיס פונם באַלעבאָס — «על פרשת דרכים» / אחד=העמיזם — די ראַציאָנאַליזירטע «תורה שבלב» / «Amor Zion intellectualis» (אינטעלעקטועלע ליבע צו ציון) / הערצליזם — די מעסיאַנישע אויסלאָזונג אַפן שוועל פון 20=טן יאָרהונדערט / הערצלס «יודנשטאַט» / די ערשטע ציוניסטישע קאָנגרעסן / נאַציאָנאַלע התלהבות און דיפּלאָמאַטן=מיסטיק / דער פּראַקטישער קורס פונם סינטעטישן=ציוניזם; פולבאַרעכטיקונג אין גלות און נדבות פאַר ציון / די ציוניסטישע שאַטירונגען — מזרחי, אַלגעמיינע ציוניסטן, דעמאָקראַטישע פראַקציע, פועלי ציון / די באַציונג פונם ציוניזם צו אסימילאַציע ארטאָדאָקסיע און סאָציאַליזם.

פּאָבעדאָנאָסצעוו האָט מיט ציינישער אָפנהאַרציקייט אַף אַזאַ אופן פאָרמולירט די צילן פון דער צאַרישער רעגירונג אין דער יידישער פּאָליטיק: איין דריטל אויסראָטן דורך הונגער און רדיפות, איין דריטל צווינגען אויסצווואַנדערן און איין דריטל אופלייזן אין דער אַרומיקער באַפעלקערונג. די אופלייזונג=אָרימס זיינען געווען ברייט געעפנט פאַר די רייכערע קרייזן פון דער יידישער בורזשואַזיע. דעם מיטלשטאַנד און די אינטעליגענץ האָט מען געשטרעבט דורך פאָגראָמען און באַגרענעצונגען אַרויסצוטרייבן פון לאַנד. די אין תחום פאַרבליבענע האָרעפּאַשנע מאַסן האָבן געדאַרפט אויסגיין פון הונגער. מער פון אַלעמען איז פון די צאַרישע רדיפות אויסגעקומען צו ליידן גראָד דיראָזיקע יידישע שיכטן, וואָס האָבן מער פון אַלץ געשפּירט אַף זיך אויך דעם יאָך פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג. דער אָפיציעלער און געזעלשאַפטלעכער אַנטיסעמיטיזם האָט שטענדיק אַרויסגערופן און פאַרשטאַרקט אינם יידישן מיטלשטאַנד דעם באַוווסטזיין פון אומזיכערקייט און די שטימונגען פון איינזאַמקייט און פרעמדקייט אין

דער אַרומיקער פֿיינטלעכער וועלט. אָט די שיכטן פון דעם יידישן פאָלק האָבן זיך כמעט שטענדיק און אומעטום געפילט אין „גלות". אַרומגערינגלט מיט שונאים און קאָנקורענטן, האָט זיך דער יידישער באַלעבאָס שטענדיק געפילט פאַרפאָלגט און דערנידעריקט. אָט דער נעגאַטיווער מאָמענט איז דער הויפּטוואָרצל פון זיין נאַציאָנאַליזם. קנאה און שנאה פון דרויסן האָבן קאָנסאָלידירט דעם יידישן מיטלשטאַנד און געשפּייזט אין אים די אַלטע געטאָ־איבערלעבונגען, דעם לאַנגאָניקן יידישן סעפּאַראַטיזם. לויט זיינע גרונט סיבות האָט דער נאַציאָנאַליזם פונם יידישן מיטלשטאַנד געטראָגן אַ ריין־פּלאַטאָנישן כאַראַקטער. קיין קאָנקרעטע טמשותדיקע אויפגאַבן, אחוץ פול־ און גלייכבאַרעכטיקונג, האָט דער־דאָזיקער נאַציאָנאַליזם זיך נישט געשטעלט. עס איז געווען אַ פּסיכאָלאָגישער „צו להכעיס" דער פיינטלעך־געשטימטער גוישער וועלט. דעריבער האָט זיך אָט דער נאַציאָנאַליזם ביז אין מיטן פון 19־טן יאָרהונדערט איינגאַנצן אויסגעלעבט אין דער טראַדיציאָנעלער בעסמעדרעשׂ סימבאָליק. דאָס פּרעגלען זיך אין דער אייגענער אויסדערוויילטקייט און דער נאַרקאָטיזירנדיקער ציון־חלום זיינען געווען דער טרייסט אין דער עת־צרה. און ווי אין אַמאָליקע צייטן, פלעגן זיך דורות־לאַנג אָנקלייבן אויפן דעק פון דער נשמה פאַרביטערטקייט און יאוש, געמישט מיט מיסטישע ישועה־האָפענונגען.

בעת די אויסערלעכע פאַרפאָלגונגען און די אינעווייניקסטע געדריקטקייט האָבן דערגרייכט זייער העכסטע מדרגה, האָט עס געמוזט קומען, ווי אין די אַמאָליקע משיח־צייטן צום אָפענעם אויסברוך. די צינישע פּאָגראָם־פּאָליטיק פון דער צאַרישער רעגירונג אין אָנהויב פון די 80־ער יאָרן, האָט באַ דער אוממעגלעכקייט פאַר די ברייטסטע יידישע שיכטן צו עמיגרירן פונם לאַנד, געמוזט אַרויסרופן אָט דעם מעכאַנישן רעצידיוו צווישן דעם יידישן מיטלשטאַנד און באַזונדערש צווישן דער יידישער

אינטעליגענץ, וואָס האָט מער ווי אַלע געמוזט פילן דעם
מוראדיקן פּסיכאָלאָגישן דרוק. בעת מען קאָן ניט ראַטעווען די
מאַטעריע, זוכט מען אַ גייסטיקן טרייסט און בעת אין דער צו=
קונפט זעט מען פאַר זיך קיין רעאַלן אויסוועג נישט, ווענדט זיך
דער פּאַריאַושטער בליק צום עבר. דעם טראַדיציאָנעלן גלויבן
אָבער האָבן דער מיטלשטאַנד און די אינטעליגענץ שוין לאַנג פאַר=
לאָרן. און עס איז געבליבן בלויז נאָר אַן אָפּגעבלייכטער היס=
טאָרישער זכרון וועגן דער אַמאָליקער גרויסקייט בלויז זיך אינ=
דערהיים — אין ציון. אַזוי איז אינאָנהויב פון די 80=ער יאָרן
אַנטשטאַנען אין די קרייזן פונם יידישן מיטלשטאַנד די ח י ב ת-
צ י ו ן שטימונג — די יחידישע „ליבע צו ציון“. עס איז
געווען אַן אויסגעטראָטן סטעזשקעלע. און אַלע די סוחרים און
אינטעליגענטן, וואָס זיינען געוואָרן געניאַרט אין זייערע האָפענונגען
אויפן גרויסמוטיקן רוסישן ליבעראַליזם, די אַלע לעוואַנדאַס און לי=
ליענבלומס האָבן זיך אָנגעהויבן קלאַפּן על חטא אויף זייערע
משכּיליש=ליבעראַלע „חטאת נעורים“. זיי האָבן געפונען דעם
באַלזאַם פאַר זייער אָנגעווייטיקט האַרץ אין דער טרייסטנדיקער און צו
גאָרנישט פאַרפליכטנדיקער ליבע צו ציון. און היות אָט די
סוביעקטיווע שטימונגען האָבן אַרומגענומען הונדערטער און
טויזנטער, רעדט די בירגערלעכע היסטאָריאָגראַפיע וועגן אַ חיבת=
ציון „באַוועגונג“. פאַקטיש איז עס געווען דער מאָדערניזירטער
טראַפאַרעט פון „לשנה הבאה בירושלים“. מיט דער נדבה פאַר
דער „חלוקה“ און מיטן קרעכץ אויף די צרות פונם גלות האָט
זיך אינגאַנצן אויסגעשעפּט אָט די חובבי=ציון באַוועגונג. די ליבע
צו ציון פאָרט זיך דאָ מיט דער תשוקה צו לשון=קודש. די
האָפענונגען אויף דער רוסישער שפּראַך, וואָס האָט געדאַרפט עפע=
נען די טויערן פון געטאָ, האָבן געפּלאַצט. די האַס און די
פאַראַכטונג צו יידיש, דער „שבּראַך פון דעם המון און שפחה“
איז געבליבן. וווּהין האָט זיך געקענט ווענדן די פאַרדאַגהטע
נשמה פון דעם יידישן באַלעבאָס, אויב נישט צו דער שפּראַך
פון דער תורה — דער שפה ברורה.

אויף דעם סאָציאַל=פּסיכאָלאָגישן יסוד זיינען אַנטשטאַנען אין

די 80=ער און 90=ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט די קרייזלעך פון די „חובבי ציון", וואָס האָבן אין דערוואַרטונג פון דער פאַרשפּעטיקטער גלייכבארעכטיקונג געזוכט א טרייסט אינם נס פונם „קיבוץ גליתא". און די הייפעלעך משיחיש=עקזאל= טירטע יונגעלייט פון „ב י ל ו" (בית יעקב לכו ונלכה), וואָס האָבן דעם ענין ערנסט גענומען און האָבן באַשלאָסן צו פאַרביטן די אוניווערסיטעטן אויף „גאולת=הארץ", האָבן דורך דעם פול= שטענדיקן פיאַסקאָ פון זייערע אויפבויפּלענער נאָך בולטער אונ= טערשטריכן די סאָציאַל=פּאָליטישע אומפּראָדוקטיווקייט פון די חובבי=ציון=שטימונגען.

צום סוף פון די 80=ער יאָרן האָבן די חיבת=ציון= קרייזלעך געשאַפן אַן אָנפירנדיקן צענטער אין אָדעס מיט דר. פינסקער און ליליענבלום בראש. אין יאָר 1890 איז דער אָדע= סער פאַלעסטינע=קאָמיטעט לעגאַליזירט געוואָרן אַלס „געזעלשאַפט מיטצוהעלפן יידישע ערד=אַרבעטער אין סיריע און פאַלעסטינע", איינע פון די צאָלרייכע יידישע צדקה=חברות מיט דער ספּעציע= לער אויפגאַבע צו קלייבן חלוקה=נדבות פון די, וואָס בענקען נאָך ציון, פאַר די, וואָס פאָרן געטריי דער טראַדיציע אויסלעבן זייערע לעצטע יאָרן אין ציון.

אין דער צווייטער העלפט פון 19=טן יאָרהונדערט האָט דער יידישער מיטלשטאַנד איבערגעלעבט אַ שווערן גייסטיקן קרי= זיס. די אַלטע משיח=באַוועגונגען פלעגן שטענדיק אויפגעריסן ווערן פון אַן אינעווייניקסטער סתירה צווישן דעם אַקטיוון סאָצי= אַלן קאַמף=מאָמענט און דעם פּאַסיוו=טראַדיציאָנעלן ציון=חלום. פאַרן יידישן מיטלשטאַנד פאַרייניקט דער סימבאָל „ציון" אי די רעליגיעזע טראַדיציע, אי די נאַציאָנאַל=פּאָליטישע זעלבשטענדי= קייט, הי דעם נאַציאָנאַלן באַזיץ, הן דאָס יחידישע אייגנס. ס'איז א ווייטער אָפּקלאַנג פון יענער צייט, בעת יעדער באַלעבאָס האָט זיך גע= לעבט אונטער זיין פייגנבוים, אין זיין וויינגאָרטן. מיט דער אנט= שטייונג פון אַ יידישער אַרבעטער=באַוועגונג האָט די אַלטע משיח= אידיי פאַרלאָרן אין די אויגן פון דער מאַסע איר סאָציאַל=

סטימולירנדיקן כח און איז אַף אזא אופן געבליבן דער סימבאָל
פון די ריין=בירגערלעכע, טראַדיציאָנעל=רעליגיעזע שטימונגען.
אין דער זעלבער צייט אָבער האָט דער קאַפּיטאַליזם, און
די דורך אים אַרויסגערופענע השכלה־באַוועגונג אינם בירגערטום
גופא אונטערגעגראָבן די טראַדיציאָנעל־רעליגיעזע יסודות פון דער
אַלטער וועלט=אנשויונג. צוזאַמען דערמיט האָבן משיח און ציון
אָנגעוואָרן דעם הייליקן גלאַנץ פון בית־המקדש, און געבליבן איז
אַזוי אַרום אין אים דער היילער קלאַסן־אינהאַלט — ציון אַלס
פּאַרקערפּערונג פון נאַציאָנאַלן און יחידישן אייגנס אין יעדער
אידעישער באַפּוצונג. אַזאַ לאַגע וואָלט אָבער באַטייט אַ באנק=
ראָט פונם מיטלשטאַנד, אַלס טרעגער פון דער כלל=ישראל=אידע=
אָלאָגיע. אַף אַזא אופן האָט דער יידישער באַלעבאָס איבערגע=
לעבט אַ שווערן קריזיס, שטייענדיק אפן שיידוועג און לעכצנדיק
נאָך אַ גייסטיקן וועגווייזער.
דער קלאַסן=סקעלעט פונם אַלטן ציון=פאַנטאָם האָט זיך
גענויטיקט אין אַ נייעם גייסט, וואָס זאָל באלעבן דעם סקעלעט
און זאָל אויך זיין צוגעפּאַסט צו די נייע באדינגונגען פונם אַלגע=
מיינעם און יידישן לעבן. דאָס האָט ניט געקענט דורכפירן די
אלטע רבנות און ניט די נייע השכלה. ס'איז נויטיק געווען
דער פרווו פון אַ סינטעז; און דעם פרווו האָט געמאַכט אחד=
העם (1856—1927) — דער רבניש=משכילישער אידעאָלאָג
פונם יידישן מיטלשטאַנד.
די אויפגאַבע, וואָס איז געשטאַנען פאר אחד=העם איז גע=
ווען: קעגן רעכטס—פאַרבייטן דעם צעפוילטן רעליגיעזן פונדאַ=
מענט פון דער כלל=ישראל אידעאָלאָגיע מיט אַ נייעם פונדאַמענט
אינם גייסט פון מאָדערנעם „פּראָגרעס", און קעגן לינקס—„אָפּרייניקן"
די ציון־אידיי פון די לעצטע רעשטן פון סאָציאַל=פּאָליטישער
ממשותדיקייט און געזעלשאפטלעכע פּראָטעסט=שטימונגען. ביידע
אויפגאַבן האָט אחד־העם דערפילט און איז דעריבער געוואָרן די
צענטראלע פיגור פונם יידישן מיטלשטאנד, הגם אין זיין
וועלט־אנשויונג איז נישט פאַראַן קיין איינציקער זעלבשטענדיקער.
אָריגינעלער מאָמענט.

סײ אין זײן אַלגעמײנעם װעלטבאַנעם, סײ אין דער באַ־האַנדלונג פון דער ייִדן־פראַגע איז אחד־העם דורכױס עקלעקטיש. דער מעטאַפיזישער אידעאַליזם איז די אַלגעמײנע גרונטלאַגע פון אחד־העמס װעלטאַנשױונג. אין זײן צוגאַנג צו דער ייִדישער פּראָבלעם ראַנגלט זיך שטענדיק אין אחד־העם דער טרוקענער השכלה־ראַציאָנאַליסט מיטן מאָראַליזירנדיקן בעל־דרשן פון דער „תורה שבלב". דער געראַנגל איז אַרױסגערופן דורך דער סתירותדיקער אופנאַבע, װאָס איז געשטאַנען פאַר אחד־העמען: מאָדערניזירן דעם אַלטן יהדות־געדאַנק אין גײסט פון אײראָפּעישן ראַציאָנאַליזם און שאַפן אַן עמאָציאָנעלן סוראָגאַט פאַר דער אָפּ־שטאַרבנדיקער ייִדישער אמונה. און אחד־העם האָט קאָנסטרויִרט פאַרן ייִדישן מיטלשטאַנד פון אַלטע ציגל אַ ראַציאָנאַליזירטן יהדות־בנין, אַן עמאַציאָנעלע ערזאַץ־רעליגיע. אין דער פּראָפּאַ־גאַנדע פון יהדות האָט אחד־העם אַרױסגעװיזן דעם גאַנצן ברען פון פאַריסעישן פאַנאַטיזם, בעת אין דער באַגרינדונג פון זײן חיבת־ציון שיטה איז ער אַרױסגעטראָטן אַלס שכלדיק־טרוקענער „רעאַל־פּאָליטיקער". אומעטום דער אײגענער דואַליסטישער גע־ראַנגל.

יהדות־ייִדישקײט איז די צענטראַלע אידײ און דער פּאַטאָס פון אחד־העמס לעבן און שאַפן. דער עיקר פון יהדות איז „אײביקע גערעכטיקײט". די שליחות פון דעם ייִדישן פאָלק איז צו דערפירן אָט די גערעכטיקײט צו אַלװעלטלעכן נצחון. נישטאָ פאַר אחד־העם קײן ייִדן־פראַגע, פאַראַן קודם־כל אַ ייִדישקײט־פּראַגע, אַ פּראָבלעם פון קאָנסערװירן דעם ייִדישן גײסט. און אָט די פראַגע קען געלײזט װערן נאָר דורך יחידים־כהנים, דורך גײסטיקע איבערמענטשן. אין פּרט פון סקאָנאָמיק און פּאָליטיק פאַרלאָזט זיך דערדאָזיקער כהן־גדול פונם ייִדישן נאַציאָנאַליזם אינגאַנצן אױפן קאַפּיטאַליסטישן „פּראָגרעס". דער „יחיד" איז גאָרנישט, דער לעבעדיקער כלל איז גאָרנישט. די אױסגעטראַכטע יהדות־אידײ איז אַלץ; זי פאַרפליכטעט דעם ייִדישן באַלעבאָס צו גאָרנישט. און אין דער אײגענער צײט איז זי פאָרט נענוג אַבסאָלוט און הײליק, כדי צו נאַרקאָטיזירן די

בריטע ידישע מאַסן און האַלטן זיי אין גייסטיקן צוים. ראַטעוועין יהדות און דעם כלל קאָן נאָר איינס—ציון. ציון איז ניט קיין טייל פונם יודאַיזם, נאָר טאַקע דער יודאיזם אינגאַנצן, דער נייכטיקער צעמענט פונם ידישן פאָלק. די איינציקע לייזונג פון דער ידישקייט=פראַגע איז דער גייסטיקער צענטער אין ציון („מרכז רוחני") — א ירושה=אָפּקלאַנג פון פּ. סמאָלענסקינס „עם הרוח". ס'איז אַ מין אידעישער ירושלים, וואָס אַ ידישער באַלעבאָס דאַרף זיך מער שוין נישט מטריח זיין עולה לרגל צו זיין אהין, אין ציון דאַרפן געהאָדעוועט ווערן די „ריינקולטורן" פונם יהדות=„פערמענט", וואָס וועלן דורך די כהנים פאַרשפּרייט ווערן איבער דער גאַנצער וועלט. נאָר די אויסדערוויילטסטע יחידים פון דעם אויסדערוויילטן איבערפאָלק קאָנען שאַפן דעם גייסטיקן צענטער אין ציון, ס'איז דעריבער לעכערלעך צו קומען אַהין מיט אַרבעטער און פּויערים, מיט חיל און טעכניק, נאָר מיט ריינעם גייסט, מיט חדרים און ישיבות מוז מען קומען אהין. אין דער שאַפונג פון אַ סאָציאַל=עקאָנאָמיש און פּאָליטיש=באַדיינטיקן ידישן ישוב אין פּאַלעסטינע גלויבט אחד=העם נישט. די אידייע פון שאַפן א ידישע מלוכה אין ציון האַלט ער פאַר אַ לעבערלעבע און שעדלעכע אוטאָפּיע.

דער אחד=העמיזם איז די מזרח=רעפאָרם פון דער ידישער רעליגיע. עס איז די ראַציאָנאַליזירטע תורה=שבלב פונם ידישן מיטלשטאַנד .Amor Zion intellectualis

דער אהד=העמיזם איז די אידעאָלאָגישע באַקרוינונג פון חיבת=ציון—דער גרונטשטימונג פון דעם מיטעלן ידישן באַלעבאָס און אינטעליגענט סוף 19=טן יאָרהונדערט. דער הויפּטשונא פון דעם ידישן מיטלשטאַנד איז געווען דער אַנטיסעמיטיזם, וועלכן ער האָט אין שרעק פאַרן „גוי" אָנגענומען פאַר אַן אומהיילבאַרע און אייביקע וועלט=קריינק. אין די מהומה=יאָרן פון דער ערשטער גרויזאַמער פאָגראָם=כוואַליע האָט עס ד"ר ל. פּינסקער שאַרף פאָרמולירט אין זיין „א ו י ט א ע מ א נ ס י פּ א צ י ע: „דער אייביקער נע=ונד פאָלק ווערט אַרומוואַנדערן ווי א געשפּענסט (רוח) צווישן א וועלט שונאים, ביז

ער וועט נישט געפינען זיין אייגן היים". דער אנטיסעמיטיזם האָט געשאַפן בײַ דעם יידישן מיטלשטאַנד די גרונט־שטימונג פון פרעמדקייט, פון זיין אין גלות, אָבער די עמיגראַציע, דאָס פאַר־לאָזן די גלות־לענדער אַז פאַרן גרעסטן טייל פון דער יידישער מיטלבורזשואַזיע נישט געווען אַ באַציאַל־עקאָנאָמישע נויטווענדי־קייט, שוין נישט ריידנדיק וועגן אומפאַרמיידלעכקייט; עס איז געווען אַ סאָציאַל־פּאָליטישע אַלטערנאַטיוו, אַ מעגלעכקייט און אפשר מער פון אַלץ נאָר אַ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע באומרויקונג. — אַלע האָבן אונז פיינט אַלס פרעמדע. נאָר אין דער אײַ־גענער היים וועלן מיר זיך פילן היימיש.

אָט די אייגענע היים איז אָבער נישט אַן עקאָנאָמישע רע־אַליטעט, נאָר אַ פּסיכאָלאָגישער עיר־מקלט. דאָס איז געווען דער יסוד פון חיבת־ציון, דעם עמאַנציפּאַציאָנעלן פּאַטערלאַנד פון דער יידי־שער מיטלבורזשואַזיע, וועלכע איז געווען און געבליבן דער הויפּט־טרעגער פון דער פּאַלעסטינאָפילישער אידיי. פאַר די ברייטע קליינבירגערלעכע און האַרעפּאַשנע מאַסן אָבער איז די עמיגראַציע געשטאַנען אַלס רעאַלע לעבנס־פּראָבלעם. נאָר אַף וויפיל נישט אַלע פון זיי האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, האָבן די פּסיכאָלאָגישע היימזוכענישן פון דער יידישער מיטלבורזשואַזיע געפונען אויך בײַ אָט די מאַסן אַ געוויסן אָפּקלאַנג. אין אָט דער טראַדיציאָנעלער „חיבת־ציון"־פאָרם האָבן אויך די שיכטן פון יידישן בירגערטום, וואָס זיינען עקאָנאָמיש און פּאָלי־טיש שטאַרקער געראָדפט געוואָרן, איבערגעלעבט די סתירה פון וועלן און נישט קענען עמיגרירן.

אַזוי איז די חיבת־ציון אין משך פון דעם לעצטן פערטל פון 19־טן יאָרהונדערט געווען דער רעזערוואַר, פון וועלכן דער באַלעבאָס האָט געשעפּט די רפואה קעגן זיין גלות־שרעק.

אָפן שוועל פון 20־טן יאָרהונדערט איז דער דרוק פון די צאַרישע רדיפות און פון דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער נויט אַף די יידישע מאַסן געוואָרן אַזוי אומדערטרעגלעך, אַז די לאַקריץ־זיסע, איינשלעפערנדיקע חיבת־ציון איז שוין נישט מער געווען בכח אויפצונעמען אין זיך די אַלץ אָנוואַקסנדיקע כוואַליעס פון די

צער און יאַיש=שטימונגען. זיי האָבן געזוכט זייער אויסוועג אין אַנדערע שטאַרקערע, העראָישערע אופּריים=פאָרמען. אין דער יידישער געשיכטע איז רייף געוואָרן א נייע משחישע אויסלאָזונג און צום כּוף פון 19=טן יאָרהונדערט איז דער מעסיאַנישער אופּריים פאָרגעקומען אין דער פאָרם פון הערצלס *פּאָליטישן ציוניזם*.

דר. טעאָדאָר הערצל (1860 — 1904), אַ יוריסט און ליטעראַט, האָט אַלס קאָרעספּאָנדענט פון ד/ר „נייער פרייער פּרעסע" איבערגעלעבט אין פּאַריז די דרייפוס=אַרע. און אָט דער אַנטיסעמיטישער רעציזדיוו אינם לאַנד פון דער ערשטער יידישער עמאַנסיפּאַציע, האָט אינם אַסימילירטן ווינער יידן אויפגעעפנט דעם קוואַל פונם אוראַלטן משיח=פּסיכאָז. און הערצל האַנדלט אַזוי, ווי עס וואָלטן געהאַנדלט צום סוף 19=טן יאָרהונדערט דוד אלראי, דוד ראובני און שבתי צבי. אין דער תקופה פון וועלט=פּאָליטיק און היבער געהיים=דיפּלאָמאַטיע האָט דער משחיזם אָנגענומען אַ נייע פאָרם („יודנשטאַט" 1895). „דער פיינט מאַכט אונז פאַר אַ פאָלק קעגן אונזער ווילן", און ראַטעווען פונם פיינט קאָן נאָר אַן אייגן לאַנד, אַן אייגענע מלוכה. און הערצל נעמט זיך שאַפן אָט די יידישע מליכה. ס'איז אים אינגאַנצן גלייך ווו, אין ציון אָדער ערגעץ ווו אַנדערש. נאָר עמיצער מוז דאָך בילדן די סוויטע, זיך באַטייליקן אינם גרויסן שפּיל. און די איינציקע אַרמיי וואָס האָט תיכּף אַרויסגעוויזן גרייטקייט צו פאָלגן דעם פירער אין זיין חלומות=וועלט, זיינען געווען די „חובבי=ציון". און הערצל קאָנקרעטיזירט זיין „יודנשטאַט" דוקא אין ציון. פאַר הערצל, דעם נאַציאָנאַל=אוטאָפּיסט איז דאָס שאַפן פון זיין אייגענער מלוכה זיין פּערזענלעכע אונטערנעמונג. פאַרהאַנדלונגען מיט יידישע געלט=מאַגנאַטן (באַראָן=הירש), דיפּלאָמאַטישע אוידיענצן באַם סולטאַן, באַם פּויפּסט, באַ קייסאָרים און מיניסטאָרן,—דאָס זיינען די איינציקע מיטלען, וואָס דאַרפן אים פירן צום ציל. דאָס איבעריקע — איז דעקאָראַציע — דאָס פאָלק, דער קאָנגרעס, די קאָלאָניאַל=באַנק, דער נאַציאָנאַל=פאָנד. ס'איז נאָר אַ הינטערגרונט פאַר די דיפּלאָ=מאַטישע פאַרהאַנדלונגען פונם פירער מיט די מאַכט=פאַקטאָרן

פון דער וועלט. די מאַכטהאָבנדיקע אָבער זיינען געבליבן צו די פּלענער פון דעם געטאָ=טרוימער פּונקט אַזוי קאַלט און ווייט, ווי די רעאַל=פּאָליטיקער פון אַלע צייטן צו אַלערליי אוטאָפּישע פּלענער, אין וועלכע זיי האָבן קיין ממשותדיקן אינטערעס פאַר זיך ניט געזען. די יידישע אויסוואַנדערונגען און די קאָלאָניזאַציע=פּראָבלעם ד. ה. די באַדייטנדיקסטע פאַקטאָרן, וואָס וואָלטן געמוזט אויפגעשטעלט ווערן אין ערשטער ריי בײַ אַ רעאַל=פּאָליטישן צוגאַנג צום ציוניסטישן ציל, זיינען בכלל געבליבן מחוץ פונם אירעישן און פּאָליטישן האָריזאָנט פונם פירער הן פון זיין נאָענטסטער סביבה. דער משיחישער צוגאַנג און די נסים=פּראַזעאָלאָגיע האָבן פּאַקטיש אָפּגעשטופּט אַפּן הינטערפּלאַן די באַהאַנדלונג פון קאָנקרעטע וועגן און מיטלען פון קיבוץ=גליות.

דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באזעל (1897) האָט געשאַפן די ציוניסטישע וועלט=אָרגאַניזאַציע: די דעקאָראַטיווע ראַם פאַר דער דיפּלאָמאַטישער מאַגיע פון דעם פירער. עס איז אויך פאָרמולירט געוואָרן דאָס באַזעלער פּראָגראַם: דער ציוניזם שטרעבט צו שאַפן אַן עפנטלעך=רעכטלעך געזיכערטע היים פאַרן יידישן פאָלק אין פּאַלעסטינע. — ס'איז די איבערקאַנאָניזירונג פון רמב"ם גלויבן=עיקר אין אַ מאָדערן פּאָליטישער פאָרמולירונג. אַלס מיטלען צו דערגרייכן דעם ציל זיינען אָנגעמערקט געוואָרן 1) מיטהעלפן דער קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע, 2) די אָרטיקע און אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע פונם יידנטום, 3) די שטאַרקונג פונם נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין און 4) דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען.

אַנאַליזירנדיק דעם שייכות פון אָט די מיטלען צום ציוניסטישן ענדציל זעען מיר בולט, ווי דער אמתער צענטראַל=פּונקט פון דער טעטיקייט — די נאַציאָנאַליסטישע אָרגאַניזאַציע און אַגיטאַציע — ווערן פאָרמולירט אַלס באַשיידענע מיטלען צום כלומרשטן ענדציל. דאָס מיטהעלפן דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע האָט זיך פּאַקטיש באַגרענעצט מיט נישטיקע נדבות און פילאַנטראָפּישן מיטגעפיל.—

— דער צווייטער קאָנגרעס (1898) האָט געלייגט אונטערן

פאָליטישן חלום אַ בלומרשט פינאַנסיעלן באַזיס — די גרינדונג
פון דער ייִדישער קאָלאָניאַל=באַנק אין לאָנדאָן. די באַוועגונג האָט
זיך אַף קיין איין שריט נישט דערנענטערט צום ציל: האָט
דער דריטער קאָנגרעס (1899) „קאָנקרעטיזירט“ און באַגרענעצט
דעם ענדציל; אַנשטאָט אַ ייִדישער מלוכה—אַ טשאַרטער אַף
פאַלעסטינע. אָט דער טשאַרטער איז נאָר אַ נייער פרעמדוואָרט
פאַר דער אַלטער פאַטאַ=מאָרגאַנאַ. און וואָס מער מען דערנענ=
טערט זיך צום מדבר=פאַנטאָם, אַלץ ווייטער רוקט ער זיך אָפּ און
אַלס רעאַליטעט בלייבט נאָר די קלעריקאַל=העברעיסטישע קעגנווארט=
אַרבעט. דאַווים טרימשם פאָרלייג זיך צו פאַרנעמען מיט דער
קאָלאָניזאַציע פונם אינזל קיפּר איז מיט אַ שטורם פון פּראָטעסטן
אָפּגעוואָרפן געוואָרן דורך דער היבת=ציוניסטישער קאָנגרעס=מערהייט.
אַפן פערטן קאָנגרעס (1900) האָבן חיבת=ציון, תורה, און לשון=
קודש ווידעראַמאָל פאַרנומען דעם אויבנאָן.

דער ייִדישער פאָלק איז געבליבן אָן אַ לאַנד, און ציון
דאָס לאַנד איז געבליבן באַ זיין פאָלק, באַ דער אַראַבישער
באַפעלקערונג. האָט דער פינפטער קאָנגרעס געשאַפן אַ נייע
אילוזיאָנערע באַהעפטונג צווישן פאָלק און לאַנד, גרינדנדיק דעם
נאַציאָנאַל=פאָנד (1901) — ווידעראַמאָל אַ נייער אייראָפּעיש=
קלינגענדיקער נאָמען פאַר דער מאיר=בעל=נס פושקע.

הערצל איז אַרומגעפאָרן פון הויף צו הויף געטריבן פון
דיפּלאָמאַטן=מיסטיק און שפּיינדיק די ייִדישע מאַסן מיט פּאָליטי=
שער מיסטיפיקאַציע. דער ייִדישער באַלעבאָס האָט געפלאַמט פון
נאַציאָנאַליסטישער התפעלות און בריימע ייִדישע מאַסן האָבן
אויסגעלעבט דעם צער פון די שווערע פאַרפאָלגונגען אין דעם
נאַציאָנאַלן חלום, וואָס דאַרף אָט אָט ווערן די ווירקלעכקייט.
אויסגעלעבט און זיך בארויקט; איבערגעגאַנגען צום טאָג=סדר,
צום רעאַלן סאָציאַל=פּאָליטישן קאַמף אַף די ערטער. קעגן דער
רעאַלער מלוכה=מאַכט פון די פיינטלעכע אומות העולם
האָט דער הערצליזם אַוועקגעשטעלט זיין ייִדישן מלוכה=חלום.
חלומות אָבער דויערן נישט לאַנג. נאָך 7 יאָר געהיימסטער הויף=
דיפּלאָמאַטיע האָט זיך דער פּאָליטישער ציוניזם יאושדיק געמוזט

זיך אָפּקערן פון די פאַרשלאָסענע טויערן פון ציון. די נויט פון די געפּלאָגטע יידישע וואַנדערער־מאַסן האָט געטריבן הערצלען פאַרצווייפלונג דעם 6־טן קאָנגרעס דעם אוגאַנדאַ־פּראָיעקט (1903). ס'האָט דער חובבי־ציוניסטער באַלעבאָס, וועמעס נאַציאָנאַלע התפעלות האָט זיך פאַר דער צייט שוין געהאַט אָפּגעקילט, דערקלערט דעם נעכטן גאָך פאַרגעטערטן פירער פאַר אַ פשוטן פאָלק־פאַררעטער און ווידעראַמאָל האָט זיך דערהערט די פאַריסייער־שטים פונם אויטאָריטעטן אידעאָלאָג: „לא זה הדרך". דער פּאָלי־טישער ציוניזם האָט זיך אומגעקערט אַף דער רויקער חיבת־ציון סטעזשקעלע; אונטערוואַרימען די שמן־זית־געפילן דורך דער קולטווירונג פון „לשון־קודש" און דורך צדקה שטילן די ציון־בענקעניש.

אַפן זיבעטן קאָנגרעס (1905) האָבן די חובבי־ציון דער־לייכטערט אויפגעאָטעמט. דער מאוור האָט זיין אַרבעט אָפּגעטאָן און איז אוועק; הערצל האָט פאַרלאָרן די פירערשאַפט איבערן יידישן באַלעבאָס נאָך איידער ער איז געשטאָרבן. גלייך נאָכדעם האָבן פאַרלאָזן דעם ציוניסטישן לאַגער די אוגאַנדיסטן־טעריטאָ־ריאַליסטן — די אומגעדולדיקע גאולה־זוכער.

די רוסלענדישע רעוואָלוציע פון 1905 האָט ווידעראַמאָל אויפגעעפנט פאַרן יידישן מיטלשטאַנד די פּערספּעקטיוון פון פולבאַ־רעכטיקונג אין גלות. די קאַדעטישע „דערגרייכערײַ" האָט אַף אַ צייט פאַראַליזירט דעם אַלטן גלות־פּחד, און אַפן העלסינגפאָרסער צוזאַמענפאָר פון די ציוניסטן (1906) זיינען פאָרמולירט געוואָרן די אויפגאַבן פון „סינטעטישן" ציוניזם: זיך דערשלאָגן נאַציאָנאַלע רעכט, פריי צו האַנדלען און צו וויאַנדלען אין גלות, ווייטער וועבנדיק דעם פאָרים פון Amor Zion intellectualis.

דער פּאָליטישער פּאַראָקסיזם פון די אומרויקע הערצל־יאָרן איז פאַרביי און אינם ציוניזם האָט זיך איינגעשטעלט דער „פּראַק־טישער קורס", וואָס האָט דורך „קליינע מעשים" געפירט אַלס וועג צו דער גרויסער אַליינצופרידנקייט, צו דער תורה־שבלב פון אחד־העם. דער ערשטער פּאַלעסטינע־קאָמיטעט איז נאָך אַ קורצער

הפסקה — הערצלס „שטורם־ און דראַנג־פּעריאָד" — איבערגע־גאַנגען צו זיין וויטערדיקן טאָג־אָרדנונג.

די צענטראַלע פּראָבלעם פונם ציוניזם — די שאַפונג פון אַ יידישער מערהייט אין פּאַלעסטינע און די עקאָנאָמישע און פּאָ־ליטישע פּראָבלעמען, וואָס זיינען דערמיט פאַרבונדן, האָבן אף די ציוניסטישע קאָנגרעסן נאָך הערצלס טויט פאַרנומען נישט פיל מער אָרט, ווי אין די חובבי־ציון־קרייזלעך. די הויפּט־פראַגע, צי איז פּאַלעסטינע אַ פּאַסיק לאַנד פאַר יידישער מאַסן־איינוואַנדערונג, איז קיינמאָל נישט אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין איר פולן פאַרנעם און איז פון די ציוניסטן אויך נישט ערנסט באַהאַנדלט געוואָרן. און די אַראַבער־פראַגע, אין וועלכער דער ציוניזם האָט אומפאַר־מיידלעך פריער אָדער שפּעטער געמוזט געשטרויכלט ווערן, האָט מען אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט: „נישקשה, מיר וועלן זיי מיט יאַרמאָלקעס פאַרוואַרפן".

באַ אַזאַ צוגאַנג צו דער רעאַליזירונג פונם בלומרשטן ענד־ציל איז פאַרשטענדלעך, אַז אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזן מיט דעם, וואָס דער פּאַלעסטינער קאָמיטעט איז פון אָדעס אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין מערב־אייראָפּע און האָט דאָרט וויטער געפירט זיין נישטיקע אַרבעט, זיין קליינלעכע צדקה־טעטיקייט אונטערן נאָמען פון פּאַ־לעסטינע־אַמט און Palestine Land Development Company.

ווי ווייניק ערנסט דער ציוניזם האָט זיך באַצויגן צו דער קאָלאָ־ניזאַציע־פּראָבלעם, באַווייזט דער פאַקט, וואָס דער אייגענער 7־טער קאָנגרעס, וועלכער האָט מיט היסטערישע טרערן אָפּגעוואָרפן דעם גרויסן אוגאַנדאַ־פּראָיעקט, האָט מיט אַ כוועוענער פאַראַכטונג גלייכצייטיק זיך אַרויסגעזאָגט קעגן די מעטאָדן פון קליינקאָ־לאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע. אַזוי האָט מען מיט איין קלאַפּ דערגרייכט אַ טאָפּלטן רעזולטאַט: מען איז פּטור געוואָרן פון די אומאַנגענעמע גשמיות־פּראָבלעמען — הן פון גרויסקאָלאָניזאַציע, הן פון קליינקאָלאָניזאַציע.

דער ציוניזם איז געווען און געבליבן דער עיקר אַ סתירות־פולע בירגערלעכע באַוועגונג, וואָס פאַרייניקט אין זיך פון איין זייט טראַדיציאָנעלע דת־ און יהדות־מאָמענטן און פון דער אַנדער זייט,

דעם מאָדערנעם, פאַרמאַסקירט־אַסימילאַטאָרישן משכּיליזם, וואָס שטרעבט אונטער דער פאָן פון העבּרעיזם צו בּאַקעמפן די לע־בּעדיקע יידישע מאַסן־קולטור.

ווי יעדער נאַציאָנאַליסטישע בּאַוועגונג, האָט אויך דער ציוניזם קיינמאָל נים פאַרטיידיקט און ניט פאַרטרעטן די אינטערעסן פונם גאַנצן פאָלק, נאָר קודם־כּל פונם עקאָנאָמיש און געזעלשאַפטלעך־אָפּגעשוואַכטן יידישן מיטלשטאנד. די נאַציאָנאַליסטישע אידעאָלאָגיע פאַרפליכטעט אָבער צו ריידן אין נאָמען פון כּלל־ישראל און ווי־ניקסטנס פאָרמעל שאַפן די אילוזיע פון כּלל־ישראליסקייט. „מיר זיינען נישט קיין פאַרטיי אין יידישן פאָלק, האָט שמאָליץ דער־קלערט דער ציוניזם, נאָר דאָס יידישע פאָלק גופא״. דער ציוניס־טישער קאָנגרעס איז נישט קיין פאַרטיי־צוזאַמענפאָר, נאָר דער פאַרלאַמענט פונם יידישן פאָלק אונטערוועגנס קיין ציון. דער משיחישער אויפבּרויז פון דער הערצליאַדע האָט מיטגעהאָלפן דעם ציוניזם ציימווייליק אַריינצוציען אינם חלום בּציבּור אויך בּאַדייטנ־דיקע קליינבּירגערלעכע און האָרעפּאַשנע יידישע מאַסן. און הגם דער גרעסטער טייל פון אָט די עלעמענטן האָט זיך נאָכן זי־בּעטן קאָנגרעס אָפּגעגרענעצט פונם ציוניזם, האָט דאָס פאַרט גע־געבּן די חובבי ציון די מעגלעכקייט אויך שפּעטער ווייטער צו פירן דעם שפּיל אין כּלל־ישראלישקייט.

פאַר די סאָציאַלע שיכטן פונם יידישן פאָלק, פאַר וועלכע ס'האָבּן זיך אויפגעעפנט די טויערן פונם געטאָ סיי אַף די אויבּערשטע, סיי אַף די אונטערשטע שטאַפּלען פונם סאָציאַלן ליי־טער, האָט די חיבּת־ציון קיין שום אָנציונג־קראַפט נישט געהאַט. די יידישע גרויסבּורזשואַזיע האָט זיך מיט אומצופרידנקייט און פאַראַכטונג אָפּגעקערט פון די ציוניסטישע פּלענער. אין בּעסטן פאַל פלעגט זי צוווארפן פאַר דער ציון־אונטערנעמונג א נדבה. בּאַראָן הירש איז געבּליבּן קאַלט צו הערצלס פאַנטאַזיעס. פון דער אַנדער זייט האָבּן אויך די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבּעטער־מאַסן פון אָנהויבּ אָן פאַרנומען אַ נעגאַטיווע שטעלונג צום ציוניזם. אין 1897, דעם יאָר פון דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, איז אויך געשאַפן געוואָרן דער אַלגעמיינער יידישער אַרבּעטער־בּונד, אַן

אויסגעשפּראָכן אַנטי־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. אָט די צווײ עקסט־רעמען, גרויסבורזשואַזיע פון אײן זײַט און אַרבעטערשאַפט פון דער אַנדער זײַט, האָבן באַשטימט די שוואַנקונג־אַמפּליטודע פון די ציוניסטישע שטימונגען. שטרעבנדיק אַרײַנצוציען אין זײַנע רייען די אָרטאָדאָקסאַלע קרײַזן פונם ייִדישן בירגערטום, האָט דער ציוניזם געטריבן זײַן רעכטן פליגל — די „מזרחי" צו אַ פּשרה מיט דער טראַדיציאָנעלער תורה־ייִדישקײַט. עס פאַרשטײט זיך, אַז נישט אַסימילירטע אפיקורסים וועלן דערפירן דאָס פאָלק צום נס הגאולה. און פאַר די אידעאָלאָגן פון „מזרחי" איז באמת נישט שווער גע־ווען צו דערווײַזן בדרך פּלפּול, אַז צווישן דעם נס פון משיח און דעם נס פונם באַזעלער פּראָגראַם איז קײן שום חילוק נישטאָ. פונקט ווי די אַלגעמײנע ייִדישע אָרטאָדאָקסיע, באַרוט דער מ ז ר ח י ז ם אַף דער דרײַ־אײניקײט פון תורה, כלל־ישראל און ציון. פאַר די מזרחי איז דער תמצית פונם ציוניזם נישט די כלומרשטדיקע „הויך־פּאָליטיק", נאָר דער יהדות־ג ײַ ס ט.

די הויפּט־אויפגאַבע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג איז שטאַרקן דעם דת, כשרן דאָס „טרײף־פּאָסלע" טאָג־טעגלעכע לעבן פון ייִדישן מיטלשטאַנד. אין דעם פונקט דעקט זיך פול־שטענדיק דער מזרחיזם און אחד־העמס תורה שבלב.

די צענטראַלע גרופּע אינם ציוניזם, אין וועמעס הענט עס געפינט זיך די אָנפירונג מיט דער אָרגאַניזאַציע, בילדן די א ל־ג ע מ ײ נ ע צ י ו נ י ס ט ן, אָט די „רעגירונג"־פּאַרטײ אינם ציוניזם באַשטײט פון „חשובע" באַלעבאַטים און אינטעליגענטן. אין זײ שפּילט זיך אָפּ אַפּן בולטסטן אופן דער אַסימילאַטאָריש־נאַציאָנאַליסטישער צווײ־קאַמף אין ייִדישן מיטלשטאַנד. זײ האָבן שוין אינגאַנצן פאַר־לאָרן אַלע זײערע וואָרצלען סײ אין דער פאַרגאַנגענהײט, סײ אין דעם מאַסן־לעבן פון דער קעגנוואַרט. בײַ זײ איז פאַרבליבן נאָר דער אויסערלעכער נאַציאָנאַליסטישער טראַפּאַרעט.

נישט האָבנדיק קײן גלויבן אין זײערע אײגענע כחות, און אויך נישט קײן קלאָרע וועגן צום ענדציל, זײַנען די אַלגעמײנע ציוניסטן אין זײער פּראַקטישער פּאָליטיק געצווונגען זיך צו שטיצן אַף די אָרטאָדאָקסאַל־טראַדיציאָנעלע עלעמענטן. די פּשרות מיטן

קלעריקאַליזם און די אומפּרוכטבאַרע געהיים־פּאָליטיק פונם אָפּי־
ציעלן קורס, האָבן געטריבן די קליינבירגערלעכע און אינטעלי־
גענטישע קרייזן פונם ציוניזם צו שאַפן די אַזוי גערופענע „דעמאָק־
ראַטישע פראַקציע״, וואָס האָט זיך געשטעלט אין כּלומרשטער
אָפּאָזיציע צו דער „אָפּאָרטוניסטישער״ פּאָליטיק פונם אָפיציעלן
ציוניזם. די דעמאָקראַטישע פראַזע האָט אָנגעהויבן איר „קאָנסטי־
טוציאָנעלן״ אָנגריף קעגן הערצלס אויטאָקראַטישן רעזשים און קעגן
דער רבנישער איבערהערשאַפט אינם ציוניזם. קיין אייגענע פּאָזי־
טיווע טעטיקייט־פּראָגראַם האָט די „דעמאָקראַטישע פראַקציע״ נישט
געהאַט, אַחוץ דער פאַרשטאַרקטער נאַציאָנאַליסטישער אַגיטאַציע
און דעם קולט פון העברעיש אין גלות. אין דער עיקר־פראַגע פון
רעאַליזירן דעם ציוניזם איז די אָפּאָזיציע געווען פונקט אַזוי אומ־
פּרוכטבאַר, ווי די פּאָזיציע. נאָך דער אוגאַנדאַ־שפּאַלטונג איז די
„דעמאָקראַטישע פראַקציע״ אינגאַנצן אַראָפּ פון דער סצענע.

דער ציוניזם האָט אָבער געשטרעבט אונטערצוהאַלטן די
פעדים, וואָס פאַרבינדן אים מיט די קליינבירגערלעכע קרייזן. און
די „דעמאָקראַטישע פראַקציע״ איז דערנאָך אופגעשטאַנען תחית־
המתים אין דער געשטאַלט פון די „צעירי־ציון״ — די טרעגער
פון דער דעמאָקראַטישער און נאַציאָנאַל־סאָציאַלער פּראַזעאָלאָגיע
אינם ציוניזם. אויך צווישן די אָפּגעשטאַנענע האַרעפּאַשנע יידישע שיכטן
האָבן די ציוניסטישע שטימונגען געפונען אַ געווּיסן אָפּקלאַנג. כּדי אַריינ־
צוציען אינם קרייז פון איר השפּעה אויך געוויסע אַרבעטנדיקע
עלעמענטן, האָט דער ציוניזם געשטויסן זיין לינקן פליגל, דורך אַ
מעכאַנישן געמיש פון דער ציוניסטישער און סאָציאַליסטישער
פראַזעאָלאָגיע, צו שאַפן אַן אָנציונג־פונקט פאַר די אַריערגאַרד־
טיילן פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט. דאָס איז דער סאָציאַל־
פּאָליטישער יסוד פונב „פּועלי־ציוניזם״ אין אַלע זיינע שאַטירונגען.

אין זיינע באַציונגען צו די אַנדערע ריכטונגען אינם יידישן
בירגערטום ווייזט דער ציוניזם אַרויס זיינע אינעווייניקסטע סתירות
און זיין צביעותדיקן כאַראַקטער. צו דער אַסימילאַטאָרישער פלו־
טאָקראַטיע האָט זיך דער ציוניזם שטענדיק באַצויגן מיט שלעכט־
באַהאַלטענעם אָפּשיי. די אָפיציעל־נאַציאָנאַליסטישע פּראַזעאָלאָגיע

האָט דיקטירט דעם ציוניזם אַ פאָרמעל־נעגאַטיווע באַציונג צו דער אסימילאַציע. אָבער אין דער ציוניסטישער קריטיק פון דער אַסי־מילאַציע האָט זיך שטענדיק אַרויסגעהערט דער „זויערער טאָן" פונם פוקס צו די אַזוי הויכע ווייַנטרויבן... די ווייטערדיקע עוואָ־לוציע פונם ציוניזם און זיין פאַקטישע קאַפּיטולאַציע פאר דער ראָלאַראָקראַטיע פון די אַמעריקאַנער „יהודים" האָבן אַרויסגעוויזן זיין אמתע באַציונג צו דער יידישער גרויסבורזשואַזיע.

צו דער אָרטאָדאָקסיע האָט די ציוניסטישע אינטעליגענץ אַרויסגעוויזן אַ צינישע טאָפּל־פּנימדיקייט. זייער „פריידענקעריי" האָט זיי נישט געשטערט דעמאַגאָגיש אויסצונוצן דעם גאַנצן טראַדיציאָנאַליסטישן אַרסענאַל פון די כּלי־קודש. אונטער דעם קאָנגרעס־פראַק האָט זיך שעמעוודיק באַהאַלטן דער ארבע־כּנפות. דער באַ־לעבאַטישער גרונט־כאַראַקטער פונם ציוניזם האָט אים געמוזט דיק־טירן אַן אויסגעשפּראָכן פיינטלעכע באַציונג צו דער קלאַסן־פּאָלי־טיק פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, צום סאָציאַליזם. אין זיין קאַמף קעגן דער קלאַסן־פּאָזיציע פון דער יידישער אַרבעטער־שאַפט האָט דער ציוניזם זיך באַנוצט מיט זיין סאָציאַליסטיש פאַרגרימירטן פליגל, מיט פּועלי־ציון — די פאַרשפּרייטער פון ציוניסטישן איינפלוס אַף דעם אָפּגעשטאַנענעם, נאַציאָנאַליסטיש־אָריענטירטן טייל פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט.

אינם אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט איז דער ציוניזם גע־ווען אַ לעבעדיקער מת. די חובבי ציון פון פאַרשיידענע לענדער האָבן זיך נאָך צונויפגעקליבן אַף עטלעכע קאָנגרעסן, ווו מען פלעגט בציבור פאַרגיסן טרערן איבער דער יידן־נויט, און וואָס ווייטער, אַלץ מער האָט אחד העמס אומפּרוכטבאַרער גייסט פאַר־שפּרייט זיין השפּעה אין דער ציוניסטישער אידייען־וועלט.

מיט יעדן ווייטערדיקן קאָנגרעס האָט זיך דער ציוניזם אַלץ מער אָפּגערוקט פון זיין כּלומרשט טעריטאָריאַליסטישן ענדציל און אַלץ בולטער אַרויסגעוויזן זיין אומפּעיקייט צו ברענגען אָט דעם ענדציל אין אַ צוזאַמענהאַנג מיט די גרויסע רעאַלע לעבנספראָ־צעסן און באַדערפענישן פון די יידישע מאַסן. דער צענטער ציו־ניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל (1911) האָט אָן דעבאַטן, אָבער

אויך אָן אינעווייניקסטן אינטערעס דעקלאַרירט זיין הסכם צום אַל=
וועלטלעכן יידישן עמיגראַציע=קאָנגרעס. דערפאַר זיינען מיטן גרעסטן
כּרען און כּאַגייסטערונג כּאהאַנדלט געוואָרן די פּראָבּלעמען פון
קולטיווירן העבּרעיש אַלס רויך=פאָרהאַנג פאַרן דערפּאָלגרייכן כּאַ=
קעמפן יידיש. נישט אומזיסט האָט די נאַציאָנאַליסטיש=אַסימילאַ=
טאָרישע התלהבות פון די קאָנגרעס=מיטגל דער דערגרייכט איר
העכסטע מדרגה אַף דער זיצונג, וואָס איז געפירט געוואָרן
(הערט נאָר!) דורכווים אַף עברית — אַ שפּראַך, וואָס איז כּלי=
ספק דעם גרעסטן טייל קאָנגרעס=אָנטיילנעמער געווען אומפאַרשטענדלעך.
אַפן וואַקאַנטן הערצל=טראָן האָט זיך בּרייטלעך פאַנאַנדערגעזעצט
אחד=העם.

דער אַבּסאָלוטער נצחון פונם חיבּת=ציון=קורס האָט אָפּגע=
שטויסן פונם ציוניזם די אַקטיווסטע הערצליסטן. אַפן 11. קאָנ=
גרעס (1913) האָבּן זיך שוין נישט באַטייליקט נישט נאָרדוי און
נישט מאַרמאָרעק. מען האָט אָבּער דערפאַר אסך גערעדט וועגן „פּי=
נאַנסן" — נדבות כּלע"ז, און דער אָנגעקליבּענער נאַציאָנאַליסטי=
שער פּאַטאָס האָט כּאַקומען זיין אויסדרוק אין דער „היסטאָרי=
שער" נאַכט=זיצונג, וואָס איז געווען געווידמעט דער גרינדונג פון
אַ יידישן אוניווערסיטעט אין ירושלים. די ממשלה פון אחד=העם
האָט געגעבּן די געהעריקע פּרוכטן — דעם אָרט פון אַ סאָציאַל=
עקאָנאָמישן יידישן ישוב האָט פאַרנומען די מאָדערניזירטע ישיבה
אין ציון.

חיבת ציון האָט געקליבּן נדבות. מען האָט געפאָדערט —
פון וועמען? — אַ יידישע מלוכה אין ציון און—אין יאָר 1914
האָבּן אין די לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים אין פּאַלעסטינע גע=
לעבּט סך=הכל 12.000 נפשות, פון זיי 7.500 לאַנדווירטשאַפטלעך=
טעטיקע, וואָס האָבּן באַאַרבּעט אַ שטח פון אַן ערך 45.000
העקטאַר*). אין אַזאַ סתירה האָבּן זיך געפונען די פּאָליטישע

(* Dr. Arthur Ruppin „Die landwirtschaftliche Kolonisation der zionistischen Organisation in Palestina".
Verlag „Aufbau" Berlin 1925.

פּרעטענזיעס צו די פּראַקטישע דערגרייכונגען, און פּלוצלונג — איז דער פּאָליטישער ציוניזם אויפגעשטאַנען תחית־המתים אין ענגלאַנדס אימפּעריאַליסטישער מאַכט־פּאָליטיק אַפן נאָענטן מזרח. באַלפורס דעקלאַראַציע האָט אָנערקענט דאָס „רעכט" פונם יידישן פאָלק אַף אַן „אייגן היים" אין פּאַלעסטינע. און בעת דער טווינט־יעריקער ענדציל איז „דערגרייכט" געוואָרן, האט דער ציון־חלום געפּלאַצט.

## X.

# טעריטאָריאַליזם.

די יידישע מאסן־אויסוואנדערונג פון רוסלאַנד, איר צאָל און באשטאַנד / די ריכטונג און דער כאַראַקטער פון דער יידישער עמיגראַציע / די באַציונג צו דער עמיגראַציע מצד דער גרויסבורזשואַזיע, מיטלבירגערטום און קליינבורזשואַזיע און מצד דעם אַרבעטער־קלאַס / די פילאַנטראָפּישע עקספּלאָאַטאַציע / די ציוניסטישע סענטימענטן / דער אַמעריקאַניש־יידישער ישוב / קליינבירגערלעכע ביזנעס־מאַכעריי / די טעריטאָריאַליסטישע פּראָיעקטן אינם 19־טן יאָרהונדערט / די «עם־עולם»־באַוועגונג / דער פּאָליטישער ציוניזם — בלאָק צווישן טעריטאָריאַליזם און חיבת־ציון. זיין פאַנאַנדערפאַל — «איטאָ» / די נאַציאָנאַליסטישע גרונט־יסודות פונם טעריטאָריאַליזם: כלל־ישראל, גלות־פאַרניינונג, לאַנד־זוכעריי, נאַציע־אויפבוי / פון א סוּווערענער מלוכה צו קאָנצענטרירטער קאָלאָניזאַציע / די «איטא»־פּראָיעקטן אָן דעם פּאָליטיש־פינאַנסיעלן מאַכט־פאַקטאָר / רעגולירונג פון דער עמיגראַציע — די האַלוועסטאָן־צעזייונג / דער טעריטאָריאַליזם אַלס אני־מאמין / פּאָליטיק איז פריוואַט־זאַך / «איטא»־באַנקראָט.

די סאָציאַל־עקאָנאָמישע דיפערענצירונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין מזרח־אייראָפּע אין משך פון דעם 19־טן יאָרהונדערט און דאָס וואַקסן פון די פּראָדוקטיווע כחות אין איר סביבה האָבן אַרויסגערופן די אינטענסיווסטע פאַרמערונג פון דער צאָל יידן אין דער באַהאַנדלשער תקופה. אָט די שטאַרקע פאַרמערונג איז באַלד געקומען אין א סתירה מיט די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג־מעגלעכקייטן פון די יידישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע. צווישן די מאַסן פאַרשטאַרקט זיך, וויאָס ווייטער אַלץ מער, די נויט און דער דלות. אַלץ אומדערטרעגלעכער ווערט דאָס לעבן אין די עקאָנאָמיש איינגעענגטע און פּאָליטיש גערודפטע יידישע געטאָס. און וואָס ווייטער אַלץ מער קלייבן זיך

דאָ אין פּליטה־שטימונגען, עס וואַקסט דאָס באַדערפעניש אויסצו־וואַנדערן, זיך אַרויסצורייסן פון די שווערע באַדינגונגען. עס האָט אָבער לאַנג געדויערט, ביז אַט די פּאָטענציעלע אויסוואַנדערונג־באַדערפעניש האָט באַקומען אַ פרייען אויסוועג.

די דייטשע יידן זיינען אין דעם פּרט אויפגעטראָטן אַלס פּי־אָנערן, וואָס האָבן „אַנטדעקט אַמעריקע" פאַר די מזרח־אייראָפּעי־שע יידן. שוין אינאָנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט מערקט זיך אָן די אויסוואַנדערונג פון איינצלנע יידישע משפחות פון דייטשלאַנד קיין צפון־אַמעריקע. צום מיטן פון 19־טן יאָרהונדערט געפינען מיר שוין אין אַלע גרעסערע אַמעריקאַנישע צענטרען מער־ווייני־קער באַדייטנדיקע קהלות פון די דייטשע „יהודים". אין 1847 ציילט ניו־יאָרק 9 יידישע קהלות מיט 8000—10.000 נפשות. אָט די „יהודים"־געמיינדעס זיינען געוואָרן אָנציונג־צענטרען פאַר די מזרח־אייראָפּעישע איינוואַנדערער, וואָס האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן קריסטאַליזירן ארום זיי אין גרויסע קיבוצים.

אין לעצטן פערטל פון 19־טן יאָרהונדערט האָבן די אָנ־געוויזענע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע סיבות פאַרשטאַרקט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין מזרח־אייראָפּע די מאַסן־עמיגראַ־ציע. באַזונדערש טיף האָבן דער קאַפּיטאַליזם און די פּאָליצעישע פאַרפאָלגונגען אונטערגעגראָבן די סאָציאַל־עקאָנאָמישע יסודות פונם יידישן קליינבירגערטום, פונם יידישן בעל־מלאכה און האָרעפּאַשניק. אָט די קרייזן זיינען דאָס רוב מיטגעריסן געוואָרן דורך די אויס־וואַנדערער־כוואַליעס, וואָס האָבן זיך באַזונדערש פאַרשטאַרקט אין די 80־ער יאָרן פונם 19־טן יאָרהונדערט.

די יידישע אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד קיין אַמעריקע האָט פון די יאָרן 1821—1870 ארומגענומען אינגאַנצן 7.550 עמיג־ראַנטן. אין די 70־ער יאָרן פאַרשטאַרקט זיך די אויסוואַנדערונג באַדייטנדיק און פון די 80־ער יאָרן נעמט זי אָן אַ מאַסן־כאַ־ראַקטער. אין אַלגעמיין האָבן פאַרן פּעריאָד 1881—1908 אויס־געוואַנדערט פון רוסלאַנד, עסטרייך, אונגאַרן, רומעניען און אַנ־דערע לענדער קיין אַמעריקע 1.770.000 יידן. פון רוסלאַנד אַליין האָבן אין משך פון 31 יאָר (1881—1911) אויסגעוואַנדערט

1.710.000 יידן, וואָס מאַכט אויס 28,8% פון דער גאַנצער יידישער באפעלקערונג אין רוסלאַנד אין דערדאָזיקער צייט.

וועגן דער דינאַמיק פון דער יידישער אויסוואַנדערונג גיט אַ פאָרשטעלונג די פאָלגנדיקע טאַבעלע לויט 5-יאָריקע פעריאָדן:

יידישע אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

| אין די יאָרן | יידישע אויסוואַנדערער | דורכשניטלעך אַ יאָר |
|---|---|---|
| 1881 — 1885 | 64.322 | 12.865 |
| 1886 — 1890 | 142.545 | 28.509 |
| 1891 — 1895 | 224.145 | 44.829 |
| 1896 — 1900 | 156.394 | 31.278 |
| 1901 — 1905 | 293.127 | 58.625 |
| 1906 — 1910 | 411.118 | 82.223 |

דידאָזיקע דאַטן באַווייזן, אַז די יידישע אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד קיין אַמעריקע פאַר דער צייט האלט סיסטעמאַטיש אין איין וואַקסן.

פאַר דעם פעריאָד 1898—1911 מאַכט אויס דער דורכשניטלעכער פראָצענט פון פרויען אין דער יידישער אויסוואַנדערונג אַן ערך 43%, פון קינדער — דורכשניטלעך אַן ערך 25% און פון פערזאָנען עלטער פון 45 יאָר — דורכשניטלעך אַן ערך 6%. אָט דער על פי ערך הויכער פראָצענט פון פרויען, קינדער און עלטערע פערזאָנען איז בלי ספק אַ בולטער באַווייז פון דעם, אַז די יידישע איינוואַנדערונג קיין אַמעריקע טראָגט דעם כאַראַקטער פון באַזעצן זיך אויף שטענדיק און נישט נאָר צייטווייליק, ווי די איינוואַנדערונג פונם רוב אנדערע פעלקער קיין אַמעריקע.

וועגן דעם פראָפעסיאָנעלן באַשטאַנד פון די יידישע

אײנװאַנדערער אין אַמעריקע פאַרן פּעריאָד 1888—1911 באַקו־
מען מיר אַפן סמך פון דער אָפיציעלער אַמעריקאַנער סטאַטיסטיק
פאָלגנדיקע דורכשניטלעכע צאָלן:

פּראָפ. אויסגעבילדעטע — 37,3%
פרײַע פּראָפעסיעס — 0,7%
פאַרשײדענע פּראָפעסיעס — 17,2%
אָן באַשטימטע פּראָפעסיעס — 44,8%

באַ דער אָפּשאַצונג פון דער קאַטעגאָריע אָן באַשטימטע
פּראָפעסיעס מוז מען נעמען אין אַכט, אַז די אַמעריקאַנער סטאַ־
טיסטיק נעמט אַרײַן אין דער צאָל אויך פרויען אָן באַשטימטע
פּראָפעסיעס און קינדער. אַף אַזאַ אופן איז דער פּראָצענט אײַנ־
װאַנדערער אָן באַשטימטע פּראָפעסיעס אינדעראמתן אסך נידעריִ־
קער און באַטרעפט פון 12% ביז 18%*). פון דעם פּראָפע־
סיאָנעלן באַשטאַנד פון דער ייִדישער אײַנװאַנדערונג איז צו זען,
אַז דעם קלענסטן אָנטײל אין איר נעמען די פרײַע פּראָפעסיעס
(0,7%). אָבער אויך די הענדלער, װאָס בילדן אַזאַ באַדײַטנדיקן
טײל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין מזרח־אײראָפּע, נעמען
אַ זײער אומבאַדײַטנדיקן אָנטײל אין דער אויסװאַנדערונג קײן
אַמעריקע. פאַר דעם פּעריאָד 1888—1911 בילדן זײ אינגאַנצן
4,6%. אַף אַזאַ אופן קומען מיר צו אָן אומבאַשטרײַטלעכן
אויספיר, אַז אין איר גרעסטן טײל באַשטײט די ייִדישע אויסװאַנ־
דערער־מאַסע פון פּ ר אָ ד ו ק ט י װ ־ ט ע ט י ק ע עלעמענטן,
דאָס רוב בעל־מלאכות און אַרבעטער.

די אויבנגעבראַכטע דאַטן באַװײַזן, אַז די אויסװאַנדערונג
רײַסט מיט זיך מיט אין ערשטער רײ די קלײנבירגערלעכע און
אַרבעטנדיקע שיכטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, בעת די
מיטעלע און העכערע שיכטן פון דער ייִדישער בורזשואַזיע װערן
דורך דער אויסװאַנדערונג כּמעט גאָרנישט באַרירט.

די ייִדישע אויסװאַנדערונג איז דאָס רוב געגאַנגען אין די

---

*) Wlad. W. Kaplun-Kogan. „Die Wanderbewegungen der Juden“. Bonn 1913. S. 132.

אינדוסטריעל-הויך אנטוויקלטע לענדער, ווי אַמעריקע און ענגלאַנד. אין אָט די לענדער האָבן די יידישע אימיגראַנטן געבילדעט מאָדערנע געטאָס, און וועלכע זיי האָבן געשאַפן ספּעציעלע אָפּגעשטאַנענע אינדוסטריע-צווייגן—הויז-אינדוסטריע, לויטן „סוועטינג"-סיסטעם (שוויץ-סיסטעם). די אויפנעם-פעיקייט פון אָט די איינוואַנדערונג-צענטרען איז פאַר די אימיגראַנטן אָבער געווען אַ באַגרענעצטע. און אין דער איגענער מאָס, ווי די באַדערפעניש אויסצוּוואַנדערן האָט אין מזרח-אייראָפּע אַרומגענומען אַלץ ברייטערע יידישע מאַסן, איז די מעגלעכקייט איינצוּוואַנדערן אין די ניי-אנטשטאַנענע יידישע צענטרען אין ענגלאַנד און אַמעריקע געוואָרן אַלץ באַגרענעצטער. די איינוואַנדערונג אין יענע לענדער האָט זיך אָנגעשטויסן אַלץ מער אויף עקאָנאָמישע שוועריקייטן און באַזונדערש אויף פּאָליטישע, אַנטי-אַליעניסטישע באַגרענצונגען.

דידאָזיקע סתירה צווישן דער אויסוואַנדערונג-באַדערפעניש און דער אויסוואַנדערונג-מעגלעכקייט איז געשטאַנען אין איר שאַרפסטער פאָרם פאַר די קליינבירגערלעכע און האָרעפּאַשנע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין מזרח-אייראָפּע. זי האָט פאַר זיי אַוועקגעשטעלט די פּראָבלעם: „וואָס ווייטער"?

בעת דער הויפּטשטראָם פון די יידישע איינוואַנדערער האָט זיך אַריינגעגאָסן אין די גרויסשטעטישע אינדוסטריע-צענטרען, האָבן איינצלנע זייטן-שטראָמען זיינע זיך פון אָנהויב אָן געפּרוּווט שאַפן לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים. סוף 19-טן און אָנהויב 20-טן יאָרהונדערט זיינען אַזעלכע ישובים געשאַפן געוואָרן אין אַרגענטינע, קאַנאַדע, פּאַלעסטינע מיט עטלעכע צענדליק טויזנט יידן; אַ טייל פון זיי האָט געלעבט פון ערדאַרבעט. אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע איז אויסגעוואַקסן אַ באַדייטנדיקע יידישע פּערמער-באַוועגונג, וואָס האָט אינגיכן אויך אַרומגענומען צענדליקער טויזנטער יידישע לאַנדווירטשאַפטלעך-טעטיקע. אין אָט די לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים האָט באַקומען איר בולטן אויסדרוק די אַלץ-וואַקסנדיקע נטיעה פון די יידישע מאַסן פון די איבערפילטע גרויס-שטעט איבערצוגיין צו ערדאַרבעט. פאַר דער יידישער אויסוואַנדערונג איז געשטאַנען נישט נאָר די פּראָבלעם

פון ריכטונג — וואוהין?—נאָר פאַר איר האָט זיך אויך געשטעלט אין אן אַלץ שאַרפערער פאָרם די פּראָבלעם פון כאַראַקטער — ווי אַזוי? — דער איבערגאַנג פון שטעטישער צו לאַנדווירטשאַפט־לעכער איינוואַנדערונג—פון אימיגראַציע צו קאָלאָניזאַציע.

די עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע־פּראָבלעם האָט טיף באַ־רירט די אינטערעסן פון באַדייטנדיקע יידישע מאַסן: הונדערטער טויזנטער איבערוואַנדערער, זייערע צוריקגעבליבענע משפּחות, זיי־ערע קרובים, די נענטערע און ווייטערע סאָציאַלע פּעריפּעריע. נאָר אָפן וועג פון אויסוואַנדערונג איז פאַר די יידישע מאַסן מעגלעך געווען דער איבערגאַנג צו העכערע פּראָדוקטיווערע לעבנספאָרמען. אַלע געזעלשאַפטלעכע ריכטונגען האָבן געמוזט דעריבער פאַרנעמען אַ געוויסע שטעלונג לגבי דער עמיגראַציע־פּראָבלעם. ווייניקער פון אַלץ איז דירעקט באַרירט געוואָרן דורך דער עמיגראַציע די גרויסבורזשואַזיע. אַף וויפיל די מאַסן־אויסוואַנדערונג איז אָבער געווען אַ באַדייטנדיקע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונג, האָט זי אַוועקגעשטעלט פאַר דער יידישער פּלוטאָ־קראַטיע דעם „אָרימען עמיגראַנט״, אַלס אָביעקט פון פילאַנטראָ־פּישער אַפּוטראָפּסות. די פּרינציפּיעלע שטעלונג פון דער אַסימי־לירטער און האַלב־אַסימילירטער יידישער בורזשואַזיע צו דער עמיגראַציע איז דיקטירט געוואָרן דורך איר סערוויליזם לגבי דער רעגירונג־מאַכט, אַף וועלכער עס איז געפאַלן אַ גרויסער טייל אחריות פאַר דער עמיגראַציע, און דורך איר פּחד, אַז די פּרינ־ציפּיעלע באַהאַנדלונג פון דער עמיגראַציע־פּראָבלעם קען זיין אַ מניעה פאַר דער דערגרייכונג פון גלייכבארעכטיקונג. די יידישע מיטלבורזשואַזיע, פאַר וועלכע די אויסוואַנדערונג איז אויך געווען מער אַ פּסיכאָלאָגישע דרויונג, ווי אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָבּ־לעם, האָט ברייט אויסגענוצט די עמיגראַציע־פּראַגע פּונקט אַזוי, ווי די פּאָגראָם־כוואַליע — פאַר איר סתם־נאַציאָנאַליסטישער אַגי־טאַציע. די עמיגראַציע איז פאַרן ציוניסטישן באַלעבאָס נישט געשטאַנען אַלס רעאַלע לעבנפראַגע און ער האָט דעריבער אַף איר קיין רעאַלן ענטפער נישט געזוכט. עס האָט אים ווייניק געאַרט, וואָס דער אויסוואַנדערונג־שטראָם גייט פאַרביי ציון. דאָס

האָט די ציוניסטן נישט געשטערט צו זיין „פּרינציפּיעלע עמיגראַציאָניסטן“ צו להכעיס די „אנטיסעמיטישע גוים“ און צוליבן גלות־שרעק.

בלויז פאַרינטערעסירט זיינען געווען אין דער עמיגראַציע דער קליינהענדלער, דער בעל־מלאכה און טיילווייז דער אַרבעטער. דער קליינער סוחר און פאַרמיטלער האָט אין דער עמיגראַציע געזוכט אַ וועג צו פרייערן האַנדל און וואַנדל, צום סאָציאַלן אַרויף. און ווי שטענדיק האָט ער דעמאָזיקן קלאַסן־ציל פאַרפּוצט דורך „הויכע“ נאַציאָנאַלע אידעאַלן, דורך שטרעבן צו אן אייגענער פרייער קולטור, צו פּאָליטישער אַווטאָנאָמיע, צו אַן אייגענער מלוכה. די אַרבעטנדיקע עלעמענטן האָבן אין די באַדרינגונגען פונם צאַרישן רעזשים געזוכט אין דער אויסוואַנדערונג דעם אויס־וועג און די אָנווענדונג פאַר זייער געפּענטעטן אַרבעט־כח און דעם איבערגאַנג צו העכערע סאָציאַל־פּאָליטישע לעבנפאָרמען, וואָס זיינען אָנגעמערקט דורך זייער סאָציאַליסטישן ענדציל. דאָס איז דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער יסוד, אויף וועלכן עס האָט זיך אָפּגעשפּילט די טעריטאָריאַליסטישע באַוועגונג.

יעדע פון די יידישע געזעלשאַפטלעכע ריכטונגען האָט אַרויסגעוויזן איר באַזונדערן צוגאַנג צו די יידישע עמיגראַציע־און קאָלאָניזאַציע־פּראָבלעמען. די גרויסבורזשואַזיע האָט אויף דעם יסוד אנטוויקלט אַ „פיבערהאַפטע“ צדקה־טעטיקייט, וואָס האָט אין די דורכוואַנדערונג־לענדער געהאַט דעם אומדירעקטן ציל אַריינצוקריגן די יידישע וואַנדערער אין זייערע נאַציאָנאַלע שיף־געזעלשאַפטן, און אין די איינוואַנדערונג־לענדער — וואָס ברייטער און דערפאָלגרייכער ד. ה. ביליקער אויסנוצן די אַרבעט־קראַפט פון די „גרינע“ איינוואַנדערער. אין אמעריקע האָט מען פאַר זיי געעפנט אַרבעט־ביוראָס און אַרבעטער־היימען, פון וואַנעט מען האָט געשעפט די נויטווענדיקע אַרבעטקראַפט 3 מאָל ביליקער, ווי פונם אָרטיקן אַרבעט־מאַרק. דאָס איז געווען די טיפּישע פילאַנטראָפּישע באַפוצונג פאַר דער עקלהאַפטסטער עקספּלאָאַטאַציע. די יידישע מיטלבורזשואַזיע האָט די עמיגראַציע אויסגענוצט פאַר אַ פאַרשטאַרקטער מעלאָ־דעקלאַמאַציע וועגן די צרות פון גלות,

פאַרן אַנטוויקלען דעם נאַציאָנאַלן אַליינבאַוווּסטזיין און די אַגיטאַ-ציע פאַר דער ציון-חלוקה. זי האָט אַפן גאַנג פון דער עמי-גראַציע קיין שום איינפלוס נישט געהאַט.

די יידישע קליינבירגער און אַרבעטער, וואָס זיינען פון דער עמיגראַציע-באַוועגונג דירעקט מיטגעריסן געוואָרן, האָבן זיך דערביי מיט קיין שום טעאָריעס נישט גערעכנט. זיך באַוועגנדיק אין דער ריכטונג פון דעם קלענסטן ווידערשטאַנד, הן אין סאָציאַל-עקאָנאָמישן, הן אין פּאָליטיש-רעכטלעכן זין, האָט דער הויפּט-שטראָם פון דער יידישער אויסוואַנדערונג אין משך פון עטלעכע צענדליק יאָר, געשאַפן דעם פירמיליאָניקן יידישן צענטער אין אַמעריקע, דעם באַדייטנדסטן קאָלאָניאַלן אָפּצווייג פון דער מזרח-אייראָפּעישער יידישער מעטראָפּאָליע. דער יידישער ישוב אין אַמעריקע איז אינגיכן געוואָרן דער אין סאָציאַל-פּאָליטישן פּרט דיפערענצירטסטער יידישער קיבוץ. די סוחריש-פאַרמיטלערישע עלעמענטן, וואָס זיינען אויסגעוואַנדערט פון מזרח-אייראָפּע, האָבן דאָ אין אַמעריקע זייערע צילן דערגרייכט: פון פּעדלעריי דורך קליינהאַנדל צו די אויבערע און העכסטע מדרגות פון ביזנעס-מאַכעריי. אַף אַזאַ אופן האָבן זיך דאָ פאַר זיי געעפנט די ברייטסטע פאַרמיטלערישע פּערספּעקטיוון. די אַרבעטנדיקע עלע-מענטן אָבער האָבן זיך געלאָזן אין וועג מיט אַנדערע שטימונגען און האָפענונגען.

די פּאָגראָמען אינאָנהויב פון די 80-ער יאָרן זיינען געווען אַ באַגלייט-דערשיינונג פונם טיפן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קריי-זיס, וועלכן די יידן האָבן צו יענער צייט איבערגעלעבט אין רוס-לאַנד. די פּאָגראָמען זיינען געווען נישט די סיבה, נאָר דער סיג-נאַל פאַר דער מוראדיקער עמיגראַציע-כוואַליע, וואָס האָט זיך אָנ-געהויבן אין די 80-ער יאָרן. אין די מאָטיוון, וואָס האָבן גע-שטויסן באַדייטנדיקע קרייזן פון דער יידישער באַפעלקערונג צו אויסוואַנדערונג, האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן עקאָנאָמישע און פּאָלי-טישע מאָמענטן. די שווערע לעבן- און אַרבעט-באַדינגונגען פון איין זייט, און די פּאָליצעישע רדיפות פון דער אַנדער זייט, האָבן געבילדעט די 2 באַדייטנדיקסטע רעאַלע כחות, וואָס האָבן גע-

טריבן די אונטערשטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג
אויסצוּוואַנדערן, בײַ די העכערע און מיטעלע שיכטן פונם יידישן
פאָלק האָט זיך אָט די עמיגראַציע־בהלה אָפּגעשפּיגלט מער אין
דער פאָרם פון מאָראַלישן פּראָטעסט און פּסיכאָלאָגישער גע־
דריקטקייט.

דאָס האָט אַרויסגערופן די דיפערענצירונג אין דער באַציונג
פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט צום עמיגראַציע־פּראָבלעם
און געשאַפן די 2 הויפּט־ריכטונגען אין דער יידישער עמיגראַציע־
פּאָליטיק אין די 80־ער און 90־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונ־
דערט — די „פּאַלעסטינצעס“ און „אַמעריקאַנצעס“.

דער נאַציאָנאַליסטיש־צערייצטער יידישער באַלעבאָס און
אינטעליגענט, וואָס האָט מער געשטרעבט אַפילו אָרט אויסצולעבן
זיין כעס קעגן דער ביזוילעקער גוישער וועלט, ווי באמת צו
פאַרלאָזן די אָנגעזעסענע ערטער, האָבן געבילדעט די הויפּט־
קאַדרען פון די פּאַלעסטינאָפילן. מיט ציון האָבן פלאַטאָניש סים־
פּאַטיזירט הונדערט־טויזנטער. געפאָרן אָבער קיין פּאַלעסטינע
זיינען נאָר צענדליקער, הונדערטער נאַציאָנאַליסטיש פאַנאַטיזירטע
(„בילו“). דער געזונטער סאָציאַל־פּאָליטישער חוש פון די האָ־
רעפּאַשנע יידישע מאַסן האָט פאָרגעצייכנט דער יידישער אויסוואַנ־
דערונג דעם וועג קיין אַמעריקע. ביי די „אַמעריקאַנצעס“ זיינען
זיך ווערטער און מעשים נישט פאַנאַנדערגעגאַנגען. דאָס שטרעבן
צו אַנטלויפן פון דלות, פּאָגראָמען און פּאָליטישע רעכטלאָזיקייט
האָבן געטריבן גראָד די מער לעבן־ און אונטערנעמונג־פעיקע
עלעמענטן פון דער יידישער מאַסע צו זוכן אַ נײַ פעלד פאַר
זייער שאַפונג־ענערגיע איבערן אָקעאַן. אויף דעם יסוד האָט זיך
אַנטוויקלט די „עם עולם“־באַוועגונג, וואָס האָט אַרומגענומען
כמעט אַלע באַדייטנדיקסטע יידישע שטעט, באַזונדערש אין דרום־
רוסלאַנד.

די „עם עולם“־גרופּן האָבן נישט געהאַט קיין אויסגעשפּראָ־
כענעם סאָציאַל־פּאָליטישן פּנים. עס איז געווען אַ געמיש פון
נאַציאָנאַליסטישע פּליטה־שטימונגען מיט מיטיש־סאָציאַליסטישע
אויפבוי־ און רעפאָרם־כוונות.

אין די גרעסערע שטעט, וואו די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע האָט אין יענע יאָרן שוין געלאָזן טיפערע וואָרצלען צווישן דער יידישער מאַסע, האָט אַף די „עם עולם“־גרופּן געהאַט אַ באַדייטנדיקערן איינפלוס די ראַדיקאַלע אינטעליגענץ. אַזוי למשל, האָבן אין אָדעסער און ווילנער „עם עולם“ די סאָציאַליסטיש־געשטימטע עלעמענטן געשפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָל.

די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט אין יענע יאָרן שוין געפונען אַ געוויסן אָפּקלאַנג צווישן דער יידישער אָרימקייט. אַף די פּראָפּאַגאַנדיסטן האָט זיך דעריבער מצד דער רוסישער רעגירונג אַ שאָט געטאָן אַ האָגל פון רדיפות. און היות ווי די טרעגער פון דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע זיינען אין יענער תקופה געווען דאָס רוב יידישע אינטעליגענטן און האַלב־אינטעליגענטן, איז אַ גרויסער טייל פון זיי נישט בייגעשטאַנען דעם שטורמישן אָנגריף פון דער רעגירונג און האָט זיך אויך געלאָזן קיין אַמעריקע. אין אָנהויב פון די 80־ער יאָרן איז די עמיגראַציע פון דער סאָציאַליסטיש־געשטימטער יידישער אינטעליגענץ פון רוסלאַנד קיין אַמעריקע געווען אַן אַלגעמיינע דערשיינונג.

די „עם עולם“ גרופּן האָבן זיך געשטעלט אלס ציל אײַ־בערצוזבויען דאָס לעבן אינם נייעם פּאָליטיש־פרייען היים אויך אַף נייע סאָ־ציאַלע יסודות. אָט די נאַיווע פּיאָנערן האָבן זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע דורך קאָלעקטיוויסטישע לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים סאָציאַל־עקאָנאָ־מיש צו באַנייען דאָס אַלטע יידישע געטאָ־לעבן.

די עמיגראַנטן האָבן זיך פאָרגעשטעלט אַמעריקע, אַלס לאַנד פון אומבאַגרענעצטע עקאָנאָמישע און סאָציאַל־פּאָליטישע מעגלעכ־קייטן. פרייע ערד־שטחים זיינען אין אַמעריקע געווען אין איבער־פלוס און די רעגירונג פלעגט זיי אָפּגעבן די עמיגראַנטן כמעט ווי אומזיסט. אָבער פאַר דער גרינדונג פון לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָמונעס זיינען נויטווענדיק געווען באַדייטנדיקע איינאָרדנונגס־מיטלען און אַזוינע מיטלען האָט דאָס רוב עמיגראַנטן נישט געהאַט. נישט קוקנדיק אַף דעם זיינען אין אַסך שטאַטן פון צפון אַמעריקע אַזעלכע קאָמונעס געגרינדעט געוואָרן, ווי אין דאַקאָטאַ, אין קענזעס און ניו־דזשערסי.

אין משך פון צענדליקער יאָרן זיינען פאַרגענומען געוואָרן אזוינע אוטאָפּיסטישע פּרוּוון צו שאַפן קאָמוניסטישע אָאַזיסן אין דער יונג־קאַפּיטאַליסטישער אַמעריקע. אין זיי האָט דער סאָציאַל־עקזאַלטירטער טייל פון די אויסגעוואַנדערטע יידישע אַרבעטער און אינטעליגענטן קיין אמעריקע אויסגעלעבט דעם רעשט פון זייערע משיחישע שטימונגען.

קיין דערפאָלג האָבן אָט די אוטאפיסטישע קאָלאָניזאַציע־פּרוּוון נישט געקאָנט האָבן. אונטערן דראַנג פונם יונגן אַמעריקאַנישן קאַפּיטאַליזם זיינען די קאָמונעס אינגיכן זיך פאַנאַנדערגעפאַלן. נאָר אייניקע פון זיי זיינען בהדרגה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קאַפּיטאַליסטיש־שטעטישע ישובים מיט אַ יידישער מערהייט, ווי למשל, קאַרמעל און ניו־דזשערסי. בײַ די ערשטע צוזאַמענשטויסן מיט דער הארבער ווירקלעכקייט פונם אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם האָט דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָמוניזם פון דער ראַדיקאַלער יידישער אינטעליגענץ געמוזט קאַפּיטולירן און בײַם לעבן לעכווייז האָט מען זיך אָנגעהויבן אָריענטירן אַפן שטעטיש־פּראָלעטאַרישן און אינדוסטריעלן סאָציאַליזם. דערבײַ זיינען געמאַכט געוואָרן פּרוּוון צו פאַרפלאַנצן די קאָמונעס אין די אינדוסטריע־צענטרען. פריער אָדער שפּעטער זיינען אָבער די אַלע קאָמונעס זיך פאַנאַנדערגעפאַלן. די גרויסע פונם אויפשטייגנדיקן קאַפּיטאַליזם זיינען געווען שטאַרקער פונם יחידיש־אידעאַליסטישן ווילן.

פאַר די הונדערטער טויזנטער איינגעוואַנדערטע יידישע אַרבעטער איז דורך דער גרויסבורזשואַזיע אין דער הארבער ווירקלעכקייט פאַרגעצייכנט געווען נאָר איין וועג. דער ניי־אָנגעקומענער עמיגראַנט פלעגט צוערשט אַריינפאַלן אין די רעגירונג־קאַזאַרמעס פאַר די איינוואַנדערער, אין קעסל־גאַרדן; פון דאָרטן פלעגן אים „אַרויסראַטעווען" די אַגענטן פון דער פּלוטאָקראַטיע, אַריבערפירנדיק אים אין די פילאַנטראָפּישע קאַזאַרמעס; און פון דאָ ווייטער פלעגן זיי אַריינפאַלן אלס ביליקער אַרבעט־כח אין די אינדוסטריעלע אינטערנעמונגען פון די בעלי־טובות, אין די „שוויץ־סיסטעם"־קאַזאַרמעס.

די סאָציאַל־עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען, וואָס

האָבן אַרויסגערופן אין די לעצטע יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט די יידישע מאַסן־אויסוואַנדערונג פון מזרח־איראָפּע, האָבן געמוזט שאַפן אין די קליינבירגערלעכע און אַרבעטנדיקע מאַסן אַ ריי אייגנאַרטיקע שטימונגען און שטרעבונגען. אַט די עלעמענטן האָבן זיך געפילט פּערמאַנענט אומזיכער און אַנטוואָרצלט. די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער איז געווען אָנגעזאַפּט מיט זוכענישן פון נייע וועגן און נייע פאָרמען פאַר דער יידישער אויסוואַנדערונג. פאַר די אויגן פון די מאַסן איז בשופדיק גיך אויפגעוואַקסן דער מערמיליאָניקער יידישער ישוב אין אַמעריקע. די ציוניש־מעסיאַנישע אויפלעבונג פונם יידישן מיטלבירגערטום האָט צוגעגעבן דערדאָזיקער באַוועגונג אירע נאַציאָנאַליסטישע קאָלירן. די אויסוואַנדערער־שטראָמען האָבן זיך צוגעזען במעט איבער אַלע וועלט־טיילן, אומעטום זוכנדיק אַן אויסוועג פאַר דער אָנגעקליבענער מאַסן־ענערגיע, וואָס האָט נישט געקאָנט באַקומען קיין פרייע אַנטוויקלונג אין די מזרח־איראָפּעישע באַדינגונגען, און בלינד אָנטאַפּנדיק די קאָלאָניזאַציע־מעגלעכקייטן אין די פאַרשיידענע לענדער. דאָס אַלץ האָט געשאַפן אין די קליינבירגערלעכע יידישע קרייזן יענע שטימונגען פון לאַנדזוכעריי און „נאַציע־אויפבוי", וואָס ווערן אַרומגענומען דורך דעם באַגריף „טעריטאָריאַליזם".

די טעריטאָריאַליסטישע שטימונגען זיינען געבאָרן געוואָרן דורך דער נויט פון די יידישע מאַסן. און ווי אַלע געזעלשאַפטלעכע שטימונגען, וואָס האָבן זייערע וואָרצלען אינם מאַסן־לעבן, האָט אויך דער טעריטאָריאַליזם אינאָנהויב באַקומען זיין אויסדרוק אין אַ ריי יחידישע פּראָיעקטן, וואָס האָבן זיך געשטעלט דעם ציל צו ראַטעווען די יידישע מאַסן, זיי קאָנצענטרירנדיק אין אַן אייגן לאַנד. דער גאַנצער 19־ער י״ה איז אָנגעפילט מיט אַזעלכע פּראָיעקטן. שוין אינאָנהויב פונם 19־טן יאָרהונדערט האָט דער דעקאַבריסט פּערעץ זיך אַרומגעטראָגן מיט דער אידיי פון אַ יידישער מאַסן־קאָלאָניזאַציע אין קרים אָדער אין נאָענטן מזרח. אין יאָר 1818 איז צווישן די פּוילישע יידן אויפגעשווומען דער פּראָיעקט צו באַזעצן די נויטליידנדיקע יידן אין דרום־

רוסלאַנד אָדער אין מאַטערן=געגנט. אין משך פון דער ערשטער העלפט פונם 19=טן יאָרהונדערט האָט די אידײ געלאָזן אַלץ טיפערע וואָרצלען אין דער פוילישער געזעלשאַפט. אין יאָר 1841 איז אַ גרופע פוילישע פּאָליטיקער און שרײַבער אַרויסגעטראָטן מיט אַ טעריטאָריאַליסטישן פּראָיעקט צו פאַרענטפערן די פויליש=ייִדישע פראַגע אין רוסלאַנד. דערדאָזיקער פּראָיעקט איז אין יאָר 1854 פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך יאָסיף גאלאַכאָווסקי, וועלכער האָט אויך געזען די אנטגילטיקע לײַזונג פון דער ייִדישער פראַגע אין דער אויסטײלונג פון אַ דורכויסיקן ערד=שטח פון עטלעכע טויזנט קוואַדראַט מײַל פאַר דער ייִדישער מאַסן=קאָלאָניזאַציע ווידעראַמאָל אין דרום=רוסלאַנד, וווּ עס וואָלט זיך מיט דער צײַט געקאָנט אַנטוויקלען אַן אַווטאָנאָמע ייִדישע פּראָווינץ.

אויך די צאַרישע רעגירונג האָט זיך צו יענער צײַט אַרומגעטראָגן מיט דער אידײ פּטור צו ווערן פון די ייִדישע מאַסן, זיי באַזעצנדיק אַף אַ באַזונדערער טעריטאָריע. אין דעם פּרט איז כאַראַקטעריסטיש דער פּלאַן פון ניקאָלאַי I אין יאָר 1836 צו באַזעצן ייִדן אין סיביר. דערדאָזיקער פּראָיעקט האָט אַרויסגערופן צווישן די ברײטסטע קרײַזן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג דעם שטאַרקסטן אינטערעס. פון אומעטום האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן בקשות פון אײנצלנע ייִדישע משפּחות און גאַנצע גרופּעס זיי צו דערלויבן זיך צו באַזעצן אין סיביר. פון ווילנע האָבן, למשל, אָנגעגעבן אַזוינע בקשות 286 משפּחות, פון גראָדנע — 45 משפּחות, פון וויטעבסק — 139; פון מיטוי—150; פון מינסק — 102 משפּחות און נאָך אַסך אַסך*). וועגן דעם זעלביקן ענין שרײַבט דער אויספאָרשער פון דער ייִדישער לאַנדווירטשאַפט אין רוסלאַנד, ניקיטין: „אין מערב=קאַנט איז ניט געבליבן קײן אײן שטעטל פון וואַנען ייִדן זאָלן ניט האָבן זיך געבעטן קײן סיביר. דאָס איבערוואַנדערן איז געווען פאַרבונדן

---

*) זע: באַראַוואַי: «די ייִדישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניזאַציע אין אַלטן רוסלאַנד» (רוסיש). מאָסקווע 1928. ז. 138.

מיט אסך צוגרייטונג־באַפעלן, וועלכע האָבן נאַטירלעך ניט גע־
קאָנט אַזוי גיך דורכגעפירט ווערן. דאָס האָט די יידן געריצט
און די וויניקער געדולדיקע האָבן זיך ענערגיש געקלאָגט: איינע
אַף דער צעקראָכנקייט פון דער אָרטיקער מאַכט, אַנדערע אַף
די קהלס, וועלכע, וועלנדיק אָפּרײדן פון איבערפאָרן קיין סיביר,
האָבן זיי געשראָקן מיט אָפּגעבן זייערע קינדער פאַר רעקרוטן
אויסער דער ריי; דריטע אַף דעם, אַז מען גיט זיי ניט ארויס די צייגענישן
מיט רעכט אַף אָפּפאָרן; די פערטע האָבן זיך געקלאָגט אַף דער פּאָ־
ליציי דערפאַר, וואָס זי האָט זיי שלעכט באַשריבן און דערמיט
האָט זי זיי געצווונגען בלייבן אינדערהיים. און די פינפטע... די
פינפטע האָבן דערזען, אַז די זאַך גייט ניט, נאָר קריכט, האָבן
זיי זיך אופגעהויבן פון די ערטער און זיינען אוועק".

דערצו באַמערקט באַראוואי: „זיי האָבן זיך געיאָגט, מורא
האָבנדיק צו פאַרשפּעטיקן, פילנדיק פאָרויס, אַז די „מתנה" וועט
צוריק גענומען ווערן. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין אַן אַט־
מאָספער פון אַלץ וואַקסנדיקער בהלה און אומרו, וועלכע זיינען
ארומגעוואַקסן אַלץ מער און מער מיט פאַנטאַסטישע פּרטים און
מעשיות. אסך האָבן זיך געלאָזן אין וועג. איינצלנע פּאַרטיעס
יידן זיינען פאַרפאָרן זייער ווייט קיין טיף־רוסלאַנד". פונם
דאָזיקן צאַרישן פּראָיעקט איז, פאַרשטייט זיך, גאָרנישט געוואָרן,
און געענדיקט האָט זיך די מעשה מיט אַ פאַרבאָט פאַר יידן
זיך צו באַזעצן אין סיביר.

דאָס כאַראַקטעריסטישע פון די דערמאָנטע פּראָיעקטן ליגט
אין דעם, וואָס הן די פילאָסעמיטישע, הן די אַנטיסעמיטישע
מחברים זייערע האָבן צו יענער צייט אַרויסגערוקט אַלס פּאַסנדיק־
סטע טעריטאָריע פאַר יידן — רוסלאַנד, דערביי האָט דער גרע־
סערער טייל קאָנצענטרירט די אופמערקזאַמקייט אַף דרום־רוס־
לאַנד און אַ טייל—אַף סיביר. און פון דער אַנדער זייט, מוז
דאָ פאַרצייכנט ווערן דער טיפער אָפּקלאַנג, וואָס אָט די פּראָ־
יעקטן האָבן געפונען אין דער יידישער מאַסע.

באַ די מערב־אייראָפּעישע יידן האָבן די טעריטאָריאַליסטישע
שטימונגען באַקומען זייער אויסדרוק אין אַן אַנדער ריכטונג. די

אויסוואַנדערונג פון דאַנען האָט זיך שוין אין דער ערשטער העלפט פונם 19 י"ה געווענדט קיין אַמעריקע, און דעריבער האָט מען דאָ דאָס פּאַסנדיקסטע לאַנד פאַר דער יידישער צוקונפט געזען דוקא אין אַמעריקע. שוין אין יאָר 1819 איז ראָבינסאָן פון לאָנדאָן אַרויסגעטראָטן מיט אַ פאָרשלאַג צו גרינדן יידישע קאָלאָניעס אין צפון-אַמעריקע אַף די ברעגן פון מיסיסיפּי און מיזורי. אין יאָר 1825 איז דער באַקאַנטער מרדכי עמאנועל נח (1785—1851) אופגעטראָטן אלס פלאַמענדיקער פּראָפּאַגאַנדיסט פון דער טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע פאַר יידן. ער האָט באַשלאָסן צו שאַפן אַ יידישן שטאַט אין צפון-אַמעריקע, און אין יאָר 1825 איז אַפילו שוין געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פון דער יידישער קאָלאָניע „אַראַראַט". און בעת דערדאָזיקער פּראָיעקט האָט געליטן פיאסקא האָט זיך נחם בליק יאושדיק אַ קער געטאָן ווידעראַמאָל קיין ציון.

אין יאָר 1832 האָט ישכר בן יצחק פון העסן אַנטוויקלט דעם געדאַנק וועגן דער נויטווענדיקייט צו קויפן פאַר יידן אַ גרויסן ערד-שטח אין צפון-אַמעריקע פאַר אַ דורכויסיקער קאָלאָניזאַציע פון מיליאָנען יידן. מיט דעם צוועק האָט ער געגרינדעט אַ קאָלאָניזאַציע-געזעלשאַפט «Ora et Labora». ער האָט אופגעפאָדערט די יידישע יוגנט שוין אַף די ערטער זיך צו גרייטן צו דער קאָלאָניזאַציע דורך דערלערנען לאַנדווירטשאַפט און מלאכה.

אַ טעאָרעטישע באַגרינדונג פון אָט די פאַרייניצלטע קאָלאָניזאַציע-פּראָיעקטן אין אַמעריקע געפינען מיר אין דער בראָשור „ניי-יהודה" *), וואָס איז אין יאָר 1840 פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין בערלין דורך C. L. K.

דער מחבר זאָגט זיך דאָ אַנטשיידן אַרויס קעגן פּאַלעסטינע, וואָס איז לויט זיין מיינונג אינגאַנצן נישט צוגעפּאַסט פאַר דער יידישער מאַסן-קאָלאָניזאַציע און געפינט, אַז די טעריטאָריאַלע

*) Neujudäa. Entwurf zum Wiederaufbau eines selbständigen Jüdischen staates von C. L. K. Berlin 1840 auch 1903.

אווטאָנאָמיע פאַרן יידישן פאָלק קען געשאַפן ווערן נאָר אין צפון־אַמעריקע. *)

אין יאָר 1844 איז שלמה איינגער אַרויסגעטראָטן מיט אַ פּראָיעקט צו שאַפן יידישע קאָלאָניעס אין פּויזן. און אין יאָר 1846 איז צו דעם צוועק געגרינדעט געוואָרן אַ „צענטראַל־פאַריין צו פאַרשפּרייטן יידישע קאָלאָניזאַציע". צו פּראַקטישער אַרבעט איז מען אָבער אויך דאָ ניט געקומען. אין דער אייגענער צייט איז אויפגעשווומען דער פראַנצויזישער פילאַנטראָפּ אַלטאַראַס מיט זיין פאַנטאַסטישן פּראָיעקט צו באַזעצן 40 טויזנט רוסיש־יידישע משפחות אין אלזשיר. מען האָט גערעדט וועגן אַ פאַר־מיקער קאָנצעסיע פון דער פראַנצויזישער רעגירונג און וועגן דער פינאַנסיעלער אונטערשטיצונג פון אָט דער אונטערנעמונג מצד ראָטשילד. ניקאָלאַי I זאָל האָבן געגעבן זיין הסכמה צו אָט דעם פּראָיעקט מיטן תנאי, אַז פאַר יעדן יידישן אויסוואַנדערער זאָל אָפּגעצאָלט ווערן דער רוסישער רעגירונג 60 רובל. דערפון האָט זיך גענומען די פאָלק־לעגענדע, אַז מאָנטעפיאָרע קלייבט זיך אויסקויפן די יידן פונעם רוסישן גלות.

אָט די אַלע טעריטאָריאַליסטישע פּראָיעקטן האָבן, פאַר־שטייט זיך, צו קיין ממשותדיקע רעזולטאַטן ניט געפירט. זיי האָבן אָבער אידעיש אָפּגעשפּיגלט דעם קאָנפליקט צווישן דער אויסוואַנדערונג־נויט און איינוואַנדערונג־מעגלעכקייטן, וואָס האָט זיך שוין דעמאָלט אָנגעמערקט צווישן די אונטערשטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. שוין דעמאָלט מערקט זיך אָן די אַנטיטעזע פון ציון און סתם־טעריטאָריע, אָבער דער גרעסטער טייל פון די טעריטאָריאַליסטישע פּראָיעקטן האָט אַלס ציל נישט ציון, נאָר רוסלאַנד אָדער צפון־אַמעריקע. און בעת די טעריטאָ־ריאַליסטישע שטימונגען האָבן אינעם לעצטן פערטל פונעם 19־טן יאָרהונדערט אַרומגענומען די ברייטסטע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג, האָט די „אַנטיטעזע" ציון־טעריטאָריע באַקומען איר

---

*) יעקב לעשצינסקי: „די אנהויבן פון דער עמיגראציע און קאלאניזאציע ביי יידן אין 19־טן יארהונדערט. בערלין 1929.

אָרגאַניזירטן געזעלשאַפטלעכן אויסדרוק אין די 2 היפּוכדיקע פּרוּוון צו פאַרענטפערן די ייִדן-פראַגע: „בילו״ און „עם עולם״.

אויב אינאָנהויב פון די 80-ער יאָרן האָבן זיך שאַרף אָנגעמערקט די סתירותדיקע באַציונגען צו דער עמיגראַציע-פּראָבלעם מצד דעם חיבת-ציונישן באַלעבאָס („בילו״) פון איין זייט און צווישן דעם האָרעפּאַשנעם מאַסן-ייִד („עם-עולם״) פון דער אַנדער זייט, האָט די מפּלה פון ביידע פּרוּוון צו „ראַטעווען די נאַציע״ דורך הערויִשע פּיאָנער-מעשים צוגעגרייט דעם באָדן פאַרן צונויפגיסן זיך פון ביידע ריכטונגען אין דער שטורמישער הערצליאַדע.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז כמעט אַלע באַדייטנדיקע אידעאָלאָגן פון דער „אייגענער ייִדישער מלוכה״, ווי C. L. K. דר. פּינסקער און דר. הערצל האָבן זייער פּראָיעקט פון אַ אייגענער נאַציאָנאַל-פּאָליטישער ייִדישער היים נישט קאָנקרעטיזירט דווקא אין ציון און האָבן אינאָנהויב פאַרטיידיקט אַ פּרינציפּיעל טעריטאָריאַליסטישן שטאַנדפּונקט. די נאַציאָנאַליסטישע התלהבות פונם פּאָליטישן ציוניזם אויפן שוועל פון 20-טן יאָרהונדערט האָט אַריינגעצויגן אינם קאָנגרעס-ציוניזם אויך אַלע טעריטאָריאַליסטיש-געשטימטע עלעמענטן. צוזאַמען האָט מען זיך געוואָרפן שטורעמען די טויערן פון פאַלעסטינע. בעת אָט די שטורעמדיקע געפילן-אַטאַקע האָט איבערגעלעבט איר אומפאַרמיידלעכן טראַדיציאָנעלן פיאַסקאָ, האָט מען זיך צוזאַמען געלאָזן זוכן אַ נייַ גאולה-לאַנד, און דאָ איז ווידעראַמאָל כאַראַקטעריסטיש, אַז די אינערציע פון דער נאַציאָנאַליסטישער עמאַציע האָט באַגרענעצט די לאַנד-זוכעריי פון יענע יאָרן דווקא מיט די שכנות-לענדער פון פאַלעסטינע: דער אינזל קיפּר, על-אַריש, מעסאָפּאָטאַמיע.

די אילוזיע פון ערנסטער לאַנדזוכעריי און פון דער נאָענטער גאולה האָט אין משך פון עטלעכע יאָרן נאָך איינגעהאַלטן די טעריטאָריאַליסטישע עלעמענטן אין דעם חיבת-ציון לאַגער. נאָר בעת דער אוגאַנדאַ-פּראָיעקט האָט אויפן 16-טן ציוניסטישן קאָנגרעס 1903, פאַר דער גאַנצער וועלט אויפגעדעקט דעם נישט-רעאַלן און צביעותדיקן כאַראַקטער פון די כלומרשטע לאַנד-

זוכענישן פונם חיבת־ציונישן באַלעבאָס, — איז די שפּאַלטונג צווישן חובבי־ציון און טעריטאָריאַליסטן געוואָרן אומפאַרמיידלעך. די קליינבירגערלעכע און האַרעפּאַשנע עלעמענטן האָבן פאַרלאָזן דעם ציוניסטישן לאַגער און געשאַפן אַ זעלבשטענדיקע „יידישע טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע" („איטאָ") מיט איזראַעל זאַנג־וויל (1864 — 1927) בראש. אַ קינד פון אַ יידישער משפּחה, וואָס האָט פון פּוילן עמיגרירט קיין לאָנדאָן, האָט זאַנגוויל אין דער נייער היימאַט אַלס שריפטשטעלער און דראַמאַטורג פאַר־נומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער ענגליש־יידישער געזעלשאַפט. זיין קינסטלערישער אינטערעס אָבער איז אין אַ באַדייטנדיקער מאָס געווען געווענדט צו דער יידישער אָרימקייט. אין זיינע ווערק: „דער קעניג פון די שנאָרערס" און „די געטאָ־טרוימער" האָבן זיך בולט אַרויסגעוויזן זיינע געזעלשאַפטלעכע נטיעות. און בעת דער הערצליזם האָט אָנגעהויבן זיין שטורם אַף די געטאָ־מויערן, האָט ער מיטגעריסן מיט זיך אויך זאַנגוויל. אָבער נישט אַף לאַנג. די אומפּרוכטבאַרקייט פון דער „אהבת ציון" האָט באַלד אָפּגעשטויסן פונם ציוניזם זאַנגווילן, דעם טרעגער פון דעם נאַ־ציאָנאַל־פילאַנטראָפּישן אַקטיוויזם און — בײַ דער אוגאַנדאַ־שפּאַלטונג איז זאַנגוויל געוואָרן דער גרינדער און פירער פון דער טעריטאָריאַליסטישער אָרגאַניזאַציע.

בײַ דער גרינדונג פון דער טעריטאָריאַליסטישער אָרגאַ־ניזאַציע האָט דער יידישער קליינבירגער ווידעראַמאָל אַרויסגעוויזן זיין אומפעיקייט צו אַ זעלבשטענדיקער פּאָליטישער אַקציע. און זיין טעריטאָריאַליסטישן „יציאת־ציון" האָט ער אויך פאַרגענומען אונטער דער אָנפירונג פון די מערב־אייראָפּעישע יידישע נאָטאַבלען, פאַר וועלכע ער האָט שטענדיק געשפּירט אַ טיפן אָפּשײַ. און אָט די פּלוטאָקראַטישע פּני האָבן אַרופגעלייגט זייער בולטן שטעמפּל אַפן גאַנצן גאַנג פון דער טעריטאָריאַ־ליסטישער באַוועגונג פון איר אָנהויב ביזן טרויעריקן סוף. און דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן גלייך בײַ דער גרינדונג פון דער „איטאָ"־אָרגאַניזאַציע גופא. עס איז אין דעם זין כאַראַקטעריס־טיש, אַז נישט נאָר יידיש־נאַציאָנאַלע חלוקי־דעות האָבן געשפּילט

אַ ראָל בײַ דער שפּאַלטונג פֿון ציוניסטן און טעריטאָריאַליסטן, נאָר אויך געוויסע מלוכה=פּאַטריאָטישע טעמים. עס האָט זיך געהאַנדלט װעגן אַ קאָלאָניזאַציע=פֿאָרשלאַג מצד דער ענגלישער רעגירונג, וואָס די ציונים האָבן אָפּגעוואָרפֿן. דעריבער האָט דוקא די ענגלישע דעלעגאַציע מיט זאַנגוויל בראש גענומען אַף זיך די שפּאַלטונג=איניציאַטיוו און צו זיי איז צוגעשטאַנען דער דעמאָקראַטישערער טייל פֿון דער רוסישער דעלעגאַציע.

נאָך אין מאַרט 1905 איז פֿאָרגעקומען אין וואַרשע אַ קאָנפֿערענץ פֿון טעריטאָריאַליסטן, וואָס האָט פֿאָרמולירט די גרונט־הנחות פֿונם „פּרינציפּיעלן“, ניט חיבת־ציוניסטן טעריטאָריאַליזם. די רעזאָלוציעס פֿון אָט דער קאָנפֿערענץ באַווייזן, אַז דעם אויסגאַנג=פּונקט בילדן אויך דאָ די אינטערעסן פֿון כּלל=ישראל. „מיר געפֿינען איין, אַז די פֿאַרשיידנאַרטיקע אַנטוויקלונג פֿון די פֿאָלק=אָרגאַניזמען, צווישן וועלכע עס לעבן גרויסע, ניט קאָנצענטרירטע אין איין אָרט יידישע מאַסן, מאַכט אין אַלע פּרטים אוממעגלעך די אַנטוויקלונג און די עקסיסטענץ פֿון יידישן פֿאָלק“ *)

„די לאַגע צווישן די פֿעלקער, וואָס זיינען עקאָנאָמיש, פּאָליטיש און קולטורעל קאָנסאָלידירט אַף אַ געוויסער טעריטאָריע, נעמט אָפּ בײַ דעם יידישן פֿאָלק די מעגלעכקייט פֿון אויפֿהאַלטן און אַנטוויקלען זיינע נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייטן“ **) (קורסיוו מיינער. מ. ש.—א.). דיראָזיקע לעבן=באַדינגונגען רופֿן אַרויס אַן אַלץ=וואַקסנדיקע יידישע עמיגראַציע. „די יידן אָבער, וועמען עס גיט זיך איין איינצואָרדנען זייער לעבן אין די אימיגראַציע=לענדער, זיינען פֿאַרלאָרן פֿאַר אונז אין נאַציאָנאַלן זין“. ***) (קורסיוו מיינער. מ. ש.—א.) דאָס זיינען די אַלגעמיין=נאַציאָנאַליסטישע גרונט=הנחות פֿונם טעריטאָריאַליזם: די כּלומרשטע כּלל־ישראל אינטערעסן, די פּרינציפּיעלע

---

*) זע: ל. פּאַפּערין, «צילן און וועגן פֿונם טעריטאַריאַליזם» אין № 5—6 «Еврейская Нива» פֿון דעצעמבער 1913 זייט 4.

**) דאָרטן.

***) דאָרטן.

אָפּלײקענונג פֿון דעם גלות און דאָס לעבן נאָך אַן אײגענער טעריטאָריע=הײם — דאָס זײנען די אידעאָלאָגישע הױפּט־מאָמענטן, װאָס בילדן די געמײנזאַמע שטריכן הן פֿונם טעריטאָריאַליזם הן פֿונם ציוניזם.

אַזױ פֿאָרמולירט אױך די טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע— „איטאַ", װאָס איז געשאַפֿן געװאָרן בעתן 7=טן ציוניסטישן קאָנגרעס (1905) אין באַזעל, דעם ציל פֿונם טעריטאָריאַליזם אַלס שטרעבן „*צו געפֿינען אַ טעריטאָריע אױף אַן אױטאָנאָמען באַזיס פֿאַר די ײדן, װאָס קענען נישט אָדער װילן נישט בלײבן אין די לענדער, אין װעלכע זײ לעבן איצט*". דערבײ איז אָנגעװיזן געװאָרן, אַז די אױטאָנאָמיע איז נישט די נױטװענדיקע פֿאָרבאַדינגונג פֿאַר דער „איטאָ"=קאָלאָניזאַציע: „דער צװעק פֿון דער „איטאַ" אָרגאַניזאַציע איז צו שאַפֿן *אַ טעריטאָריע אױף אַן אױטאָנאָמען באַזיס*, אָדער דאָרטן, װו די אױטאָנאָמיע זאָל זײן *דערגרײכבאַר*".

װעגן אַ טעריטאָריאַליסטישער *באַװעגונג*, קען מען רײדן אױך אַזױ װײניק, װי װעגן דער ציוניסטישער. פּונקט װי אינם ציוניזם האָבן די מאַסן, װאָס זײנען געװען אַרײנגעצױגן אינם השפּעה=קרײז פֿון דער „איטאַ=אָרגאַניזאַציע, פּאַסיװ געגלױבט אין די פֿירער, װאָס האָבן געדאַרפֿט געפֿינען פֿאַר זײ דאָס פּאַסיקע לאַנד, סײ זיך דערשלאָגן די נױטװענדיקע עפֿנטלעך=רעכטלעכע גאַראַנטיעס, סײ געפֿינען געהעריקע מיטלען כּדי צו דערגרײכן ; ענדציל. װי אינם ציוניזם אַזױ אױך אין טעריטאָריאַליזם איז ; אױסװאַנדערונג=שטראָם געגאַנגען פֿאַרבײ די בלומרשט=אָנפֿירנדאָרגאַניזאַציעס. דער ציוניזם האָט פֿאַרדעקט דעם פֿעלן פֿון רעאַלע יסודות אינם סאָציאַל=עקאָנאָמישן מאַסן=לעבן און דעם פֿעלן קאָנקרעטע װעגן און מיטלען דורך אַ בלומרשט קאָנקרעטן יעדנפֿאַלס קאָנקרעט=קלינגענדיקן ענדציל—ציון. דער טעריטאָריאַל האָט בײַ דער גאַנצער ממשותדיקײט פֿון די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע יסודות, װאָס האָבן אַרױסגערופֿן בײַ די מאַסן די טעריטאָריאַליסטישע שטימונגען, אױך נישט געהאַט קײן שום רעאַלע

סאָציאַל=פּאָליטישע מעטאָדן און האָט געפונען זיין עקסיסטענץ=
באַרעכטיקונג אין דער לאַנדזוכעריי, — אינם זוכן דאָס פעלנדיקע
קאָנקרעטע ציל. און אויב לטובת דעם ציוניזם האָט געווירקט
דער טווונג=יעריקער ציון=בכיכאָז, האָט דעם טעריטאָריאַליזם
געפעלט אויך אָט די טראַדיציאָנעלע צוציונגס=קראַפט—דאָס פאָלק.
די מאַסן האָבן זיך נישט געקענט פאַרנעמען מיט זוכן לאַנד.
דאָס איז געווען אַן אויפגאַבע פאַר יחידים. דעריבער איז אין דער
טעריטאָריאַליסטישער אָרגאַניזאַציע אַלץ געווען געשטעלט אַף
זאַנגוויל, וואָס האָט געזוכט דאָס לאַנד און געפירט די פאַרהאַנד=
לונגען, פונקט ווי אינם פּאָליטישן ציוניזם איז אַלץ געווען צוגע=
שפּיצט אַף הערצלען.

— „איטאָ”=מעשים מוזן אַלע מאָל ליגן בלויז אין די
הענט פון געציילטע מענטשן,—האָט דעריבער שטאָלץ געענטפערט
זאַנגוויל אַף דער ווינער „איטאָ”=קאָנפערענץ פון 1912 אַף די
פאָדערונגען פון די ראַדיקאַלע טעריטאָריאַליסטן צו רעאָרגאַניזירן
די „איטאָ” אַף דעמאָקראַטישע יסודות.

אויב דער ציוניזם איז די מאָדערניזירונג פונם טראַדיציאָ=
נעלן משיח=גלויבן, שטעלט מיט זיך פאָר דער טעריטאָריאַליזם
דעם ראַציאָנאַליזירטן און אַמעריקאַניזירטן משיחיזם. אין די מאַסן
האָט דעריבער דער טעריטאָריאַליזם נישט געקאָנט אַרויסרופן
מער, ווי פּלאַטאָנישע סימפּאַטיע=געפילן, די אָרגאַניזאַציע האָט
זיך געפונען אין די הענט פון אַ קליינער גרופּע אינטעליגענטן
און פילאַנטראָפּן, וועמעס איינציקע טעטיקייט עס איז פאַקטיש
באַשטאַנען אין געאָגראַפישע אויספאָרשונגען און אין פירן דיפּ=
לאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען מיט פאַרשיידענע מלוכה=לייט, כדי צו
געפינען פאַרן פאָלק אָן אַ לאַנד, אַ לאַנד אָן אַ
פאָלק. דעריבער האָט דער טעריטאָריאַליזם לויט זיין מהות
פאַקטיש קיינמאָל נישט געקאָנט שאַפן קיין מאַסן=אָרגאַניזאַציע. די עט=
לעכע קאָנפערענצן, וואָס די טעריטאָריאַליסטן האָבן צונויפגערופן,
האָבן זיך דער עיקר פאַרנומען מיט באַטראַכטן די צאָלרייכע לאַנד=
פּראָיעקטן, וואָס די געאָגראַפישע קאָמיסיע בא דער „איטאָ” האָט
אויסגעפאָרשט און פאָרגעלייגט. אַזוי האָט די לאָנדאָנער

„איטא"=קאָנפערענץ פון 1907 באטראכט גאנצע 10 פראיעקטן, וואָס האָבן באהאנדלט טעריטאָריעס כמעט אין אַלע וועלט־טיילן.

עס איז כדאי אָנצומערקן, אז אין פראָצעס פון זייער לאַנדזוכענישן, האָבן די טעריטאָריאַליסטן אין דער פאָרמולירונג פון זייער ענדציל כיסלעכווייז זיך באַפרייט פונם סווערעניטעט־שגעון, וואָס האָט באַקומען זיין בולטסטן אויסדרוק אינם פּאָליטישן ציוניזם. אָנגעהויבן האָט מען, ווי באַקאַנט, מיט דער פאָדערונג פון אַ „פעלקער=רעכטלעך געזיכערטער יידישער מלוכה". אָבער שוין אין דער באַזעלער פּראָגראַם איז מען געווען געצוווּנגען זיך צו באַגנוגענען מיט אַן „עפנטלעך=רעכטלעך געזיכערטער היים", כדי אין עטלעכע יאָר אַרום אַפן 8=טן קאָנגרעס זיך „אַראָפּצולאָזן" צו דער מער באַשיידענער און ווייניקער באַשטימטער פאָדערונג פון אַ טשאַרטער. פונם טשאַרטער איז מען אַריבערגעגאַנגען צו די אַלגעמיינע פּאָליטישע גאַראַנטיעס פון אַ דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציע אין טערקיי. די טעריטאָריאַליסטן האָבן אָנגעהויבן מיט דער עפנטלעך=רעכטלעכער קאָנצעסיע=פאָדערונג, זיינען אָבער אויך גלייך אַריבערגעגאַנגען צום מער באַשיידענעם און בויגעוודיקן אַווטאָנאָמיע=לאָזונג. דערביי האָט מען באַלד דורך פּרושים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די אַווטאָנאָמיע איז נישט אַ נויטווענדיקע פאָרבאַדינגונג פון דער קאָלאָניזאַציע, נאָר אין אַ געוויסן זין אַ ווייטערדיקער ציל אָדער ריכטיקער דער נאַטירלעכער פּועל=יוצא פון דער קאָנצענטרירטער מאַסן=קאָלאָניזאַציע. אַלס נאָענטסטער ציל פונם טעריטאָריאַליזם איז סוף=כל=סוף באַשטימט געוואָרן די מעגלעכקייט צו פירן אַ קאָנצענטרירטע יידישע מאַסן=קאָלאָניזאַציע, מיט דער פּערספּעקטיוו אין צוקונפט צו שאַפן אַף דער טעריטאָריע אַ יידישע מערהייט.

דאָס איז אָבער אַלץ געווען ריינע טעאָריעס. אין דער ווירקלעכקייט האָבן עטלעכע צענדליק מענשן אַף די מיטלען פון דער פילאַנטראָפּישער יידישער גרויסבורזשואַזיע געפירט פּריוואַטע געאָגראַפישע אויספאָרשונגען. פון די צאָלרייכע טעריטאָריאַליסטישע פּראָיעקטן האָבן אַרויסגערופן אַ מער=ווייניקער ערנסטן אינטערעס אין דער יידישער עפנטלעכקייט די פּראָיעקטן פון אוגאַנדאַ,

קירענאַיקא, מעסאָפּאָטאַמיע און אַנגאָלאַ. נאָר דער גורל פון אָט די פּראָיעקטן האָט גענוג בולט באַוויזן, אַז די הויפּטשוועריקייט ליגט דאָ נישט אין דעם, צי איז די אָדער יענע טעריטאָריע מער אָדער ווייניקער צוגעפּאַסט פאַר ייִדישער מאַסן־קאָלאָניזאַציע, נאָר אַסך טיפער. בײַ יעדער צענטראַליזירטער מאַסן־קאָלאָניזאַציע האָבן מיר צו טאָן מיט 3 נויטווענדיקע פאַקטאָרן: 1) אַן אויסוואַנדערער־מאַסע, וואָס איז פעיק צו קאָלאָניזירן, 2) אַ טעריטאָריע, וואָס איז צוגעפּאַסט פאַר דער קאָלאָניזאַציע, און 3) אַז געהעריקער מאַכט־אַפּאַראַט, וואָס פאַרמאָגט די נויטווענדיקע פּאָליטישע און פינאַנסיעלע מיטלען. אויב אין פּרט פון די ערשטע 2 פאַקטאָרן וואָלט דער טעריטאָריאַליזם געקאָנט זיך רעכענען מיט אַ מער־ווייניקער באַפרידיקנדיקער לייזונג פון דער פּראָבלעם, האָט אָבער דער דריטער פאַקטאָר דאָ אינגאַנצן געפעלט. די הייפל ייִדישע פּלוטאָקראַטן, וואָס האָט פון פילאַנטראָפּישע מאָטיוון זיך באַטייליקט אין דער טעריטאָריאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, האָט פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט בילדן דעם פּאָליטישן מאַכט־פאַקטאָר, וואָס איז נויטווענדיק פאַר אַ דערפאָלגרייכער קאָנצענטרירטער מאַסן־קאָלאָניזאַציע. די סתם־טעריטאָריאַליסטישע אַגיטאַציע און פּראָיעקטן־מאַכעריי האָט דעריבער נישט געקאָנט פירן צו קיין שום ממשותדיקע רעזולטאַטן און די טעריטאָריאַליסטישע פּלענער, וואָס פלעגן געבאָרן ווערן אין דער געאָגראַפישער „איטאָ"־קאָמיסיע, פלעגן דעריבער געפינען זייער סוף אין פרוכטלאָזע קאָנפערענץ־וויכּוחים און אַף די שפּאַלטן פון דער פּעריאָדישער פּרעסע, נישט געקוקט אַף די צאָלרייכע פּלאַטאָנישע סימפּאַטיע־דערקלערונגען מצד די פאַרינטערעסירטע ייִדישע קרייזן.

די פּלוטאָקראַטישע אָנפירער פון דער „איטאָ" האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט גענומען נאָענט צום האַרצן די מפּלות פון אַלע טעריטאָריאַליסטישע פּלענער. אויב מען קאָן נישט גליקלעך מאַכן די אַלע אָרימע מזרח־ברידער אַף אַן אייגן לאַנד, קאָן מען יעדנפאַלס דורכפירן אַן אימיגראַציע־פּאָליטיק, וואָס איז ווי געהעריק צוגעפּאַסט צו די אינטערעסן פונם גרויסקאַפּיטאַל. מען האָט זיך

געגומען צו רעגולירן די יידישע אײַנוואנדערונג. און דאָ
האָבן די גרויסבורזשואזע אפוטרופסים פון „איטאָ" אין אַ פולער
מאָס אַרויסגעוויזן זייער סאָציאַל-פּאָליטישן מהות. די פלאַטאָנישע
דרשות וועגן קאָנצענטרירטער קאָלאָניזאַציע האָבן זיי נישט
געשטערט דורכצופירן אַ פּאָליטיק פון פלאַנמעסיקער צעזייונג און
צעשפּרייטונג פון די יידישע אימיגראַנטן. די האַלוועסטאָן-
אַקציע, וואָס איז באַשטאַנען אין אָפּציען די יידישע אײַנוואַנדערער
פון די גרעסערע יידישע מאַסן-צענטרען פון די צפון- אין די
דרום-שטאַטן, האָט פאַרטײלט די יידישע אײַנוואַנדערער, זיך רע-
כענענדיק אין אַ באַדייטנדיקער מאָס מיט די אינטערעסן און סימ-
פּאַטיעס פון דער יידישער גרויסבורזשואזיע. אין אַמעריקע זײַנען
צו דעם צוועק אָרגאַניזירט געוואָרן די „רעמוווּל אָפיסן". און די
עמיגראַציע-געזעלשאַפטן, וואָס זײַנען געגרינדעט געוואָרן אין רוס-
לאַנד: „די יידישע עמיגראַציע-געזעלשאַפט" (קיעוו) און די „גע-
זעלשאַפט צו רעגולירן די יידישע עמיגראַציע" (פעטערבורג) איז
אויסגעקומען אין זייער טעטיקייט פאַקטיש נאָר דורכצופירן אין
דער עמיגראַציע-פראַגע די דירעקטיוון פון דער ענגליש-אַמערי-
קאַנישער יידישער פּלוטאָקראַטיע.

מיט דער רעגולירונג פון דער יידישער עמיגראַציע האָט
זיך אינגאַנצן אויסגעשעפּט די קאָנקרעטע טעטיקייט פון די טע-
ריטאָריאַליסטן. אויב די ציוניסטן האָבן דורך זייער ראָמאַנטיש-
פאַרפּוצטער פּאַלעסטינע-אַגיטאַציע פאַרדעקט אַ גאַנץ באַשטימטע
„גלות-פּאָליטיק" פונם יידישן מיטלבירגערטום, האָבן די טעריטאָ-
ריאַליסטן אַלס אָרגאַניזאַציע פּרינציפּיעל זיך אָפּגעזאָגט פון יעדער
פּאָליטישער קעגנוואַרט-אַרבעט אין די גלות-לענדער. פאַרפליכטנ-
דיק יעדן מיטגליד פון דער „איטאָ"-אָרגאַניזאַציע צו אַ פּרינצי-
פּיעל טעריטאָריאַליסטישן אַני-מאמין, וואָס האָט אין גרונט גענו-
מען צו קיין שום קאָנקרעטע טעטיקייט נישט מתחייב געמאַכט,
האָט דער טעריטאָריאַליזם דערקלערט די אַלגעמיינע פּאָליטיק, און
אויך די יידישע „גלות"-פּאָליטיק, אַלס פּריוואַט-ענין פון יעדן
אָרגאַניזאַציע-מיטגליד. אַפילו די באַציִונג צום ציוניזם האָט יעדער
„איטאָ"-מיטגליד געקאָנט זעלבשטענדיק פאַר זיך באַשטימען. דער

טעריטאָריאַליזם האָט דעריבער קיין פּאָליטישע פּאַרטיי קיינמאָל נישט געבילדעט. ער האָט בלויז אויסגעדריקט די נאַציאָנאַלע פרייהייט-בענקעניש פון דעם ײדישן קלײנבירגער אונטערוועגנס. און אַפן יסוד פון אָט די שטימונגען האָט די ײדישע פּלוטאָקראַטיע, זיך שפּילנדיק אין דיפּלאָמאַטישע לאַנדזוכערײ, געשטרעבט צו רעגולירן די ײדישע וואַנדערונג און איר גײסט און אין אירע אינטערעסן. דער טעריטאָריאַליזם האָט דעריבער אַלס מאַסן-באַוועגונג געטראָגן זײן טויט-אורטײל אין זיך. דער קלײנבירגער האָט דעם נאַציע-אויפבוי נישט *געקאָנט* דורכפירן. די גרויס-בורזשואַזיע האָט עס נישט *געוואָלט* דורכפירן. און דאָס, וואָס די פּלוטאָקראַטיע האָט יאָ דורכגעפירט אונטער דער שירעמע פונם טעריטאָריאַליזם, איז געגאַנגען אין אַ ריכטונג, וואָס איז גראָד געווען דער דירעקטער היפּוך צום געפּלאַנטן צונויפקלײבן פון דער נאַציע — צום „נאַציע-אויפבוי".

די יאָרן פון די טעריטאָריאַליסטישע בלאָנדזשענישן, אין וועלכע ס'האָבן זיך אויך באַטײליקט געוויסע עלעמענטן פון דער ײדישער אַרבעטערשאַפט, האָבן פאָרט געבראַכט מיט זיך אַ געוויסע אויפקלערונג דער ײדישער עפנטלעכקײט. זײ האָבן באַוויזן: 1) אַז צווישן די ײדישע אויסוואַנדערער איז פאַראַן אַ באַדײטנדיקע צאָל, וואָס איז פּאַסיק פאַר קאָלאָניזאַציע און 2) אַז עס זײנען אויך פאַראַן אין דער וועלט טעריטאָריעס, וואָס זײנען מער אָדער ווײניקער פּאַסיק פאַר דער ײדישער אײנוואַנדערונג. דאָס קנאַפּע יאָרצענדליק „איטאָ"-פאָרשונגען האָבן אָבער אויך דערוויזן, אַז עס האָט געפעלט אינגאַנצן דער פּאָליטיש-פינאַנסיעלער כח, וואָס זאָל מיט דערפאָלג צונויפבינדן די ערשטע 2 פאַקטאָרן: די עמיגראַנטן מיט דעם לאַנד. דאָ ליגט די הויפּט-סיבה פונם אומפאַרמײדלעכן באַנקראָט פונם טעריטאָריאַליזם.

אַף דער ווינער „איטאָ"-קאָנפערענץ (1912) זײנען עפנטלעך באַהאַנדלט געוואָרן די לעצטע צווײ טעריטאָריאַליסטישע-פּראָיעקטן, אין אַנגאָלאַ און אין צענטראַל-אַמעריקע. צו קײן רעאַלע רעזולטאַטן איז די קאָנפערענץ נישט געקומען. די קריטיק פון דער ביוראָקראַטישער פירונג, וואָס איז כלומרשט שולדיק אין די מפּלות

פונם טעריטאָריאַליזם, מצד דעם לינקן פליגל האָט נישט גע=
קאָנט פאַרמאַכקירן דעם פאַקטישן באַנקראָט פון דער טעריטאָרי=
אַליסטישער באַוועגונג. די טעריטאָריאַליסטישע, אָרגאַניזאַציע איז
אומבאַמערקט פאַרשוונדן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע. די
באַלפוריאַדע האָט געמוזט טרייבן דעם גרעסטן טייל פון די טע=
ריטאָריאַליסטן, באַזונדערש אין ענגלאַנד, צו אַ קאַפּיטולאַציע פאַר
דעם נייעם ציון=רעצידיוו. דער מלחמה=ציוניזם האָט ווידעראַמאָל
פאַרשלונגען אין זיינע נאַציאָנאַליסטישע כוואַליעס דעם טעריטאָ=
ריאַליזם.

די טעריטאָריאַליסטישע שטימונגען זיינען אויך אַריינגעדרונ=
גען אין די יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן. זייער אָרגאַניזירטן
אויסדרוק האָבן דיזאָזיקע שטימונגען באַקומען אין די אַזוי=גערו=
פענע סאָציאַליסטיש=טעריטאָריאַליסטישע פּאַרטייען: ס. ס. (סאָצי=
אַליסטן=טעריטאָריאַליסטן) און י. ס. (יידישע סאָציאַליסטישע אַר=
בעטער=פּאַרטיי אָדער סיימיסטן). די פּאַרטייען מוזן באַהאַנדלט
ווערן צוזאַמען מיט די איבעריקע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

## XI.

# פּאַלקיזם.

דער קליינבירגערטום, אלס איינפלוס=ספערע פון מיטלבורזשואַזיע און פּראָלעטאַ=
ריאַט / פאַלקיזם אלס עקלעקטישער כל=בו, אַלס פּרינציפּיעלע פּרינציפּלאָזיקייט / דער
נאַציאָנאַליזם אַלס צעמענט פון פאָלקיסטישן אידייען קאנגלאמעראט / און עוואָלוציע=
קאמפּראמיס מיט דער «יהדות» / אווטאָנאמיזם — די צענטראַל=אידיי פונם פּאָל=
קיזם / דער פּאַטאס פון גלייכבארעכטיקונג און די היסטאָרישע רעכט אַפן גלות /
צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט / דער געראַנגל פאַר חעגעמאָניע / יידישיזם / די
טשערנאָוויצער יידיש=קאָנפערענץ / א פּארטיי אָן מיטגלידער — א פּראָגראַם אָן אַ
פּאַרטיי / דער על=חטא פון די געוועזענע סאָציאַליסטן / פון קלאַסן=קאַמף צו כלל=
ישראל=פּאָליטיק.

די סאָציאַל=עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לאַגע פונם קליינ=
בירגערטום אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט — די לאַגע
צווישן האַמער און קאָוואַדלע — מאַכן אים אינגאַנצן אָפּהייִנגיק פון
די צוויי גרונט=כחות, וואָס קעמפן פאַר דער מאַכט: פון קאַפּי=

טאַל און אַרבעט. דער ייִדישער קליינבירגער האָט צו ליידן פון קאַפּיטאַליזם און אַנטיסעמיטיזם, פון אַלגעמיינער און ספּעציפיש־ייִדישער קאָנקורענץ־שנאה. ער פילט זיך דעריבער אין אַ גרע־סערער מאָס ווי דער ניט־ייִדישער קליינבירגער געדריקט און אָפּהענגיק פון דער שכנותדיקער סאָציאַלער גרופּע, וועמען עס געהערט אין דעם געגעבענעם מאָמענט די געזעלשאַפטלעכע העגעמאָניע.

דאָס קליינבירגערטום ווערט פאַרטיילט אַלס ספערע פון השפעה צווישן די איבעריקע ייִדישע קלאַסן, באַזונדערש צווישן מיטלבירגערטום און אַרבעטער. אין משך פון הונדערטער יאָרן איז די ייִדישע קליינבירגערלעכע מאַסע אינגאַנצן אָנגעפירט גע־וואָרן דורכן ייִדישן באַלעבאָס, דעם תּקיף, דעם גבאי. עס איז דעריבער קיין וונדער נישט, וואָס ביז אין 20־טן יאָרהונדערט אַריין בילדעט אַ באַדייטנדיקער טייל פון דעם ייִדישן קליינבירגערטום די טרייע טשערעדע פון דער ייִדישער אָרטאָדאָקסיע. בעת אַ טייל פון דער באַלעבאַטישער אינטעליגענץ — די פאַריאושטע משכּילים — האָבן געשאַפן די ציוניסטישע אידעאָלאָגיע, וואָס שימערירט מיט אַלע פאַרבן פון דעם טראַדיציאָנעל־ייִדישן רעגנבויגן, האָט אויך דער ציוניזם מיטגעריסן אין זיין נאַציאָנאַליסטישן אופּפלאַם באַדייטנדיקע שיכטן פון דעם ייִדישן קליינבירגערטום. שפּעטער האָבן אויך די טעריטאָריאַליסטישע פּראָיעקטן געפונען אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין די קליינבירגערלעכע רייען.

בעת אפן שוועל פון 20־טן יאָרהונדערט האָט זיך פון דער ברייטער האָרעפּאַשנער מאַסע אויסקריסטאַליזירט די קלאַסן־באַוווסטע ייִדישע אַרבעטערשאַפט, האָבן די שכנותדיקע עלעמענטן, די קליינבירגער, געמוזט דערשפּירן אַף זיך דעם אָנציִונגס־כּח פון דעם ניי־געבאָרענעם העגעמאָן פון דער ייִדישער געשיכטע. אַזוי האָט אַ גרעי־סערער טייל פון דער קליינבירגערלעכער מאַסע געבילדעט די מיט־לויפערשאַפט פון דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט און פון זיין זייט אַרויסגעלייגט זיין שטעמפּל אַף דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דעם ייִדישן אַרבעטערקלאַס. אַזוי אַרום איז די ייִדישע קליינבירגער־

לעכע מאַסע במעט אָן רעשט פאַרטײלט געװאָרן צװישן די איי־בעריקע יידישע געזעלשאַפטלעכע ריכטונגען.

אָט די סאָציאַל־פּאָליטישע צעזײטקײט און צעשפּרײטקײט איז געװאָרן די צװײטע נאַטור פון דעם יידישן קלײנבירגערטום. און בעת עס האָט זיך אױסגעבילדעט אַ קלײנבירגערלעכע יידישע אינטעליגענץ, װאָס האָט געדאַרפט מאַכן אַן אידעישן סך־הכּל פון דער סאָציאַל־פּאָליטישער דערפאַרונג פון איר קלאַס, איז איר נישט געבליבן קײן אַנדער ברירה, װי מאַכן פון דער קלאַסן־נויט אַ קלאַסן־מעלה. פון די פאַרשײדנאַרטיקסטע עלעמענטן, װאָס זײנען מעכאַניש אַנטליען בײ אַלערלײ געזעלשאַפטלעכע אידעאָלאָגיעס, האָט דער קלײנבירגערלעכער יידישער אינטעליגענט צונױפגעשטוקעװעט דעם עקלעקטישן כּל־בו, װאָס טראָגט דעם נאָמען פּאָלקיזם.

מער פון אַלעמען ליידט פון קאַמף דער קלײנבירגער. ער האַסט דעם קאַמף. און עס װילט זיך אים אַזױ אַלצדינג אַרומ־נעמען—שלום מאַכן, װײל ער שפּירט. אַז פון קאַמף װעט פאַר אים אין יעדנפאַל קײן גוטס נישט אַרױס. זײן פאַרצװײפלטע לאַגע טרײבט אים אַלץ צו סינטעזירן, אַלץ, װאָס העלפט פאַר־שמירן די טיפע שפּאַלטן, װאָס צערײסן פון אַלע זײטן זײן קלאַסנגוף אַף שטיקער. קײן אײנציקער מיטל טאָר דערבײ נישט בלײבן נישט פאַרװענדט. און פון קײן אײן פּרװו טאָר מען אין אַזאַ לאַגע זיך נישט אָפּזאָגן. און פון אמונה און פרײגײסט, פון טראַדיציע און הײנטװעלטישקײט, פון ציוניזם און טעריטאָריאַליזם, פון קאָנסערװאַטיזם און ראַדיקאַליזם, פון קאַפּי־טאַליזם און סאָציאַליזם,—פון דעם אַלעמען קאָנסטרוירט דער קלײנבירגערלעכער אינטעליגענט זײן אוניװערסאַלע רפואה קעגן די צאָרײכע קרײנק פון דעם אָנגעװײטיקטן קלאַסנגוף פונם קלײנבירגער־טום. אין זײן שטרעבן צו שאַפן דעם אױטאָנאָמיסטישן סינטעז צװישן אָפּ־געזונדערטקײט און אַסימילאַציע, װאַקלט זיך דער קלײנבירגער צװישן „מענשנטום“ און „יידנטום“. די איבעריקע קלאַסן קענען זיך דערלויבן דעם לוקסוס צו האָבן פּרינציפּן, פעסטע ריכטלי־ניעס פאַר זײער טראַכטן און טאָן. דער קלײנבירגער קאָן זיך

אַזאַ לוקסוס נישט דערלויבן. די נויטווענדיקייט שטענדיק צו לאַווירן צווישן קעמפנדיקע צדדים מאַכט דעם קלײנבירגערלעכן אינטעליגענט פאַרן איבערצייגטן פאָנענטרעגער פון פּראָפעסיאָנעלער פּשרות-מאַכערײַ, פון „פּרינציפּיעלער פּרינציפּלאָזיקייט". און היות ווי דאָס לעבן גיט זיך אומעטום אָן עצה אָן אים, דעם קלײנבירגער, און אַנדערע כּחות מערקן אָן די ריכטליניען פון דער ייִדישער געשיכטע, בלײַבט דעם קלײנבירגער נישט אַנדערש איבעריק, ווי אונטערצובאַמקענען אַלץ, וואָס ווערט אויפגעטאָן פון אַנדערע. זײַן הויכע רעאַל-פּאָליטיק באַשטייט אין דעם, וואָס ער גיט גרויסמוטיק זײַן „הסכּמה" צו אַלע שוין געשעענע פאַקטן.

דאָס קלײנבירגערטום איז דער צאָלרײַכסטער און אין דער אייגענער צײַט דער שוואַכסטער קלאַס בײַם ייִדישן פאָלק. דעריבער איז ער, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער איז אַזוי גרויס אין צאָל, פּאָליטיש און אידעיש שוין לאַנג דעראָבערט געוואָרן פון די שכנישע סאָציאַלע גרופּן. עס איז אַ קלאַס, וועמעס אידעאָלאָגיע עס איז אַ מעכאַנישער געמיש פון די פאַרשיידנאַרטיקסטע, אָפט סתירותדיקע עלעמענטן; אַ קלאַס, וואָס געפינט זיך אונטערן דרוק פונם שטענדיקן פּחד צו קומען צום באַוווסטזײַן פון זײַן קלאַסנלאַגע און קלאַסן-אינטערעס. דער קלאַסן-באַוווסטזײַן פונם קלײנבירגער אַנטהאַלט שוין אין זיך זײַן טויט-אורטייל. ער שטרעבט דעריבער פּחדנותדיק זיך צו באַהאַלטן הינטער פרעמדע, מעכטיקערע פּלייצעס, הינטערן פאָלק. ער פּראָקלאַמירט די סוווערעניטעט פון דער נאַציע איבער אַלע אַנדערע פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען און באַזונדערש — די איבערהערשאַפט פון דער נאַציאָנאַלער אידיי איבערן קלאַסן-פּרינציפּ.

פאָלקיזם רופט זיך אָן די אידעאָלאָגיע פון דעם קלײנבירגערטום, הגם גראַד פאָלקמאַסן האָט די פאָלקס-פּאַרטיי געהאַט ווײניקער פון אַלע אַנדערע ייִדישע פּאַרטייען. עס איז אַן אומאָרגאַנישער תּהו ובֿהו, אַ סכום פון צענטריפוגאַלע כּחות און נאָר איין צעמענט-סוראָגאַט בינדט כּלומרשט צונויף אַט די פּאַר-

שײַרנאַרטיקע פּאָליטישע און גײַסטיקע מאָמענטן—דער נאַציאָנאַליזם.

דער ײדישער קרעמער, בעל־מלאכה, האַלב אינטעלעקטועלער, אַלע באַוועגן זײ זיך אַף אַ שמאָלן, אַלץ ענגער ווערנדיקן עקאָנאָמישן שטח. מען איז אָנגעוויזן כמעט נאָר אַפן ײדישן אָפּנעמער. יעדער קאָנסומענט, וואָס פאַרלאָזט די געטאָ־מויערן, איז אַ פאַרעטער. יעדער ײד איז אַ יחסן; און וואָס מער אַנדערע רודפן דעם ײדן, אַלץ העכער מוז ער זיך אַליין שאצן. אַזוי האָט געמוזט ווערן דער קנאישער סעפּאַראַטיזם פאַרבונדן מיטן נאַציאָנאַליסטישן יחוס דער גרונט־יסוד פון דעם קלײנבירגערם וועלט־באַנעם. דער קיום פון דער נאַציע און דאָס אָפּהיטן פון איר אײנהײט און „רײנקײט" ווערן פון דער קלײנבירגערלעכער אינטעליגענץ אַרויסגעשטעלט אַלס הויפּט־פּרינציפּ, וועלכן עס דאַרפן זיך אונטערוואַרפן אַלע · אָן אויסנאַם אַנדערע סאָציאַל־פּאָליטישע צילן. דער קלײנבירגערטום פילט אָבער צו גוט אַף זיך דעם טעם פון דער נאַציאָנאַליסטישער פּאָליטיק מצד די הערשנדיקע קלאַסן פון דער נאַציאָנאַלער מערהײט און ער זוכט פּילפּוליסטיש צו קאָנסטרוירן אַ פּרינציפּיעלן אונטערשײד צווישן דעם נאַציאָנאַליזם פון שטאַרקערע און נאַציאָנאַליזם פון די שוואַכע. לויט דעררדאָזיקער טעאָריע איז דער אַגרעסיווער נאַציאָנאַליזם פון דער הערשנדיקער מערהײט אַ נעגאַטיווע, רעאַקציאָנערע דערשײַנונג, בעת דער פאַרטײדיקונג־נאַציאָנאַליזם פון דער מינדערהײט־בורזשואַזיע, ווערט דערהײבן צו דער מדרגה פון „אמתן פּראָגרעס". עס פאַרשטײט זיך, אַז די סאָציאַל־פּאָליטישע פונקציע פון בײדע מינים נאַציאָנאַליזם, וואָס זײַנען בײדע אַן אויסדרוק פון בירגערלעכער קאָנקורענץ־שנאה, איז אין תּוך די אײגענע. הן דער אַגרעסיווער נאַציאָנאַליזם פון דער מערהײט־בורזשואַזיע, הן דער דעפענסיווער נאַציאָנאַליזם פון דער מינדערהײט־בורזשואַזיע זײַנען אַ כּלי־זין אינם קאַפּיטאַליסטישן קאַמף פאַרן אָפּזאַץ־מאַרק. און נאָר צוליב צײַטווײַליקע טאַקטישע טעמים, נוצט אויס אין געוויסע פאַלן דער אַרבעטערקלאַס דעם קאַמף פון די נאַציאָנאַלע

מינדערהייטן קעגן דעם צייטווייליק-געמיינזאַמען שונא — קעגן דער אימפּעריאַליסטישער אונטערדריקונג-פּאָליטיק פון דער מערהייט-בורזשואַזיע.

שמעון דובנאָוו (געבאָרן 1860), וואָס רעקאָנסטרוירט די יידישע געשיכטע אינם גייסט פונם קליינבירגער, האָט אין זיינע „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום" (1897—1907) אַלס ערשטער קלאָר פאָרמולירט די אידעאָלאָגישע גרונט-הנחות פונם קליינבירגערלעכן נאַציאָנאַליזם — פונם פאָלקיזם. נישט אומזיסט פאַלט צונויף אָט די פאָרמולירונג פון די פאָלקיסטישע גרונט-הנחות מיט דער שטורם- און דראַנג-צייט פונם סוף פונם 19-טן יאָרהונדערט, בעת עס האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט דער ציוניזם פון איין זייט און דער בונדיזם פון דער אַנדער זייט.

די יידישע געשיכטע איז פאַר דובנאָוו אַ סכום פון הייליקע רוחניות, פון גייסטיקע נסים ונפלאות. צווישן די גראָבמאַטעריאַליסטישע ערד- און אַרבעט-פעלקער, וואָס זיינען אונטערוואָרפן אַלע האַרבע געזעצן פונם „גראָבן חומר", האַנדלט און וואַנדלט דאָס „אייביקע" יידישע פאָלק — סמאָלענסקינס „עם-הרוח", „די קווינטעסענץ פון רוחניות", איבערן אויסדערווײלטן, יידישן פאָלק האָבן די געזעצן פון דער מאַטעריע קיין שום שליטה ניט. די באָדנלאָזיקייט פון דעם יידישן קליינבירגער, ווערט דאָ דורך זיין אידעאָלאָג צוריק פּראָיעצירט אַף דער גאַנצער יידישער פאַרגאַנגענהייט. און וואָס זוייניקער דער קליינבירגערלעכער אינטעליגענט שפּירט אונטער זיינע פיס אַ פעסטן באָדן, אַ געזיכערטע צוקונפט, אַלץ העכער שוועבט ער אין די מעטאַפיזישע ספערן. די יידן זיינען פאַר דובנאָוו אַן „אוניקום-פאָלק", אַ נאַציע פון דער סאַמער ריינסטער גייסטיקער פּראָבע". רײדנדיק וועגן דאָס אַלטע און נייע יידנטום, אָריענטירט זיך דער היסטאָריקער אין לעצטן ענד נאָר אַף דאָס אַלטע, אַף דער היסטאָרישער טראַדיציע. מ'לעבט אָבער פאָרט אַפן שוועל פון 20-טן יאָרהונדערט, בעת אַלץ ווערט געקליידעט אין בגד פון „עוואָלוציע", פון „פּראָגרעס". די אַלטע יהודות באַקומט דעריבער באַ

דובנאָוון דעם קלינגענדיקן נאָמען פונם „עוואָלוציאָנערן יו־דאיזם״ און ווערט דערקלערט אַלס גרונטציל פון דעם יידישן נאַציאָנאַלן קיום. „באַזייטיקן דעם יודאיזם באַטייט אונטערגראָבן אונטער זיך אַ טייל פונם פונדאַמענט*). טריי דעם קלייןבירגערלעכן אי־דייען־פּלאָנטער, מאַכט דובנאָוו אין זיינע קאָנסטרוקציעס איין זיג־זאַג אויף לינקס, כדי גלייך ווידעראַמאָל זיך אַ קער צו טאָן אויף רעכטס. ער רעדט וועגן סעקולאַריזירן די נאַציאָנאַלע אידיי, זי אינגאַנצן באַפרייען פון דער רעליגיע, כדי גלייך נאָכדעם צו פּראָקלאַמירן, אַז „דער אָפיציעלער איבערגאַנג צו אַן אַנדער רעליגיע באַטייט פאַקטיש— ארויסטרעטן פון ד'ער יידישער נאַציע״. פאַרלאָזנדיק די יידישע אמונה, אָדער פאַרלירנדיק דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, רייסט מען, הייסט עס, איבער די פעדים, וואָס בינדן צונויף דעם יחיד מיט דער יידישער נאַציע. אָבער דאָס שטערט ווידעראַמאָל נישט דעם קלייןבירגערלעכן אידעאָלאָג צו פאָרמולירן, אַז „די נאַציע איז אַ נאַטירלעכע גרופּע, אַ מיטגליד פון וועלכער מען ווערט פון געבורט״**).

די גאָלדענע צייט ליגט אין עבר, פון אָט דעם עבר, שעפּט דעריבער דובנאָוו, דער היסטאָריקער זיין פּאָליטישן אידעאַל — דעם אַוטאָנאָמיזם. די קלייןבירגערלעכע אַווטאָנאָמיע איז אַ ניי וואָרט פאַר די אַלטע געטאָ־מחיצות. נישט אומזיסט איז די אַווטאָנאָמע קהלה דער סכום פון היסטאָריש פאַרגליווערטע און אָפּגעלעבטע טראַדיציעס, דער גרונט־יסוד פון דעם גאַנצן אַווטאָנאָמיסטישן בנין. און די פאָלקיסטישע שול־אַווטאָנאָמיע און דער שפּראַך־קולט האָבן אַלס ציל די קאָנסער־ווירונג פון דער נאַציאָנאַלער טראַדיציע, דאָס באַוווסטזיניקע אופּ־האַלטן פון אַלע מחיצות, וואָס טיילן אָפּ דעם אויסדערוויילטן „עם־הרוח״ פון די „חומר־פעלקער״, דעם „מח־פאָלק״ פון די מגושמדיקע „בח־פעלקער״. הגם די יידישע נאַציע איז היילע רוחניות, שטרעבט די

*) С. М. Дубнов: „Письма о старом и новом еврействе“. Стр. 17.

**) דאָרטן. זייט 31.

פאָלקיסטישע אווטאָנאָמיע אַרומצונעמען דוקא אַלע, אויך די מאַטעריעלע זײַטן פון דעם ייִדישן לעבן. די אווטאָנאָמיע איז פאַרן קלײנבירגערטום די פסיכאָלאָגישע מושל, אין וועלכער ער שטרעבט זיך צו באַהאַלטן פון זײַן געדריקטער סאָציאַל-פּאָליטישער לאַגע. די בײַנקשאַפט פון דעם ייִדישן קלײנבירגער נאָך אַווטאָנאָמיע איז אַן אויסדרוק פון די נאַציאָנאַלע רײסענישן צווישן די בירגערלעכע גרופּן, אַ פּועל-יוצא פונם דרוק מצד דער מער-הײט-בורזשואַזיע. די פאָדערונג פון אווטאָנאָמיע באַטײַט דאָס שטרעבן צו באַקומען גאַראַנטיעס, אַז דער שטאַרקערער קאָנקורענט זאָל אים נישט צופיל באַעוולהן. דער קלײנבירגער פילט זיך עלנט אין דער פרעמד, ער פילט זיך נישט בכח צו שאַפן אַן אײגן הײם פאַר זיך, אָבער זײַן שטרעבן זיך צו פילן אַלס „באַלעבאָס" אין דער פרעמד באַצײכנט דער קלײנבירגער מיטן מאָדערנעם אווטאָנאָמיע-באַגריף. אינדערעמתן אָבער איז די פאָלקיסטישע אַווטאָנאָמיע פונקט אַזאַ שוואַכער רעאַלער שוץ פאַרן קלײנבירגער, ווי דער ציון-פאַנטאָם פאַרן ייִדישן מיטלבירגער. דער גײַסטיקער גלות-אווטאָנאָמיזם, דערפילט פאַרן קלײנבירגער די אײגענע סאָציאַל-פסיכאָלאָגישע פונקציע, ווי דער גײַסטיקער ציוניזם פאַרן מיטל-בירגערטום. דער דובנאָוויזם און אחד-העמיזם זײַנען בײדע דער אויסדרוק פון אײן און דעם זעלביקן גלות-שרעק פאַר דער פרעמ-דער „גוישער וועלט" און פון דער זעלביקער אומפעיקײט דעם-דאָזיקן פחד רעאַל גובר צו זײַן.

דובנאָוו האַלט זיך פאַרן באַרופענעם כהן-גדול פון דער ייִדישער „נאַציאָנאַלער אידעע". די ציוניסטן זײַנען לויט זײַן מײנונג נאָך נישט דערגאַנגען צו דעם גרויסן אמת, זײ זײַנען פאַר אים די „געצנדינער פון דער נאַציאָנאַלער אידעע". אין זײַן קריטיק פונם פּאָליטישן ציוניזם דעקט דובנאָוו אויף די באָדנלאָזיקײט און אוטאָ-פּישקײט פון ציוניסטישן ענדציל. אָבער דובנאָוו אַלײן באַוועגט זיך אין אַזוינע פאַרנעפּלטע מעטאַפיזישע ספערן, אַז ער באַמערקט נישט די אוטאָפּישע באָדנלאָזיקײט פון זײַן אײגענעם גײַסטיקן נאַ-ציאָנאַליזם, פון זײַן ניטרעאַלער רוחות-אווטאנאמיע אָן יעדן מאַ-טעריעלן יסוד.

דער קלײנבירגער לײדט שמאַרקער פֿון די נאַציאָנאַלע פֿאַר=
פֿאלגונגען, אײדער די עקאנאמיש מער געזיכערטע ײדישע מיטל=
בורזשואזיע. דעריבער איז אינם קלײנבירגער שטאַרקער דער פּאַ=
טאָס פֿון פֿול= און גלײכבאַרעכטיקונג. זײן אױטאנאמיזם איז לױט
דובנאװס אױסדרוק, נישט מער װי „די בירגערלעכע, פּאַ=
ליטישע און נאַציאָנאַלע גלײכבאַרעכטיקונג".
דער שװערפּונקט ליגט דא, פֿאַרשטײט זיך, אין די בירגערלעך=
פּאליטישע רעכט. און װי שטענדיק אינם האַנדל שרױפּט מען אױך
דא קינסטלעך אַרױף די מקחים, כדי מען זאל זײ דערנאָך קענען
אַראפּלאזן. דער ײדישער קלײנבירגער שטעלט אַרױס די פֿאדערונג
פֿון אױטאנאמיע אין די לענדער, װו די בירגערלעך=פּאליטישע
רעכטלאזיקײט נעמט אפּ בא אים די מעגלעכקײט זיך אױפֿצוהײבן
העכער אפֿן סאציאַלן לײטער, זיך צו דערהײבן צו די מיטלביר=
גערלעכע שיכטן. קומט אבער דער ײדישער קלײנבירגער אין אַ
לאַנד, װו די בירגערלעך=פּאליטישע גלײכבאַרעכטיקונג פֿון די ײדן
איז דורכגעפֿירט, װי אין אַמעריקע און מערב=אײראפּע, פֿאַרגעסט
ער אינגאַנצן זײן בײנקשאַפֿט נאך נאַציאָנאַלער אױטאנאמיע*). און
גיט מען אים ערגעץ װו נישט דאס רעכט צו האַנדלען און צו װאַנד=
לען, שטעלט ער אַרױס זײן פּראגראם=מאַקסימום און רוקט אַרױס
זײנע היסטארישע רעכט. די מעטאדן פֿונם קלײנבירגער
זײנען דאָ אינגאַנצן גענומען פֿונם אַרסענאַל פֿון דער מיטלבור=
זשואזיע. פּונקט, װי דער ציוניזם באַרופֿט זיך אַף זײנע היסטארי=
שע רעכט אַף ציון, אַזױ באַרופֿט זיך דער גײסטיקער נאַציאָנאַ=
ליזם אַף די היסטארישע רעכט פֿון די ײדן אפֿן
גלות. די ײדן זײנען דער עלטסטער לעבעדיקער אינװענטאַר
פֿון אײראפּע, און נאר אַף דעם יסוד פֿילט זיך דער קלײנבירגער
באַרעכטיקט צו פֿאדערן פֿאר זיך גלײכע רעכט.
אין זײן סאציאַל=פּאליטישער צעבראָכנקײט און יאוש זוכט

*) בעת אין די נאָך=מלחמה=יאָרן, האָבן זיך עטלעכע ײדישע קיבוצים אין די ראַנד=מלוכות (ליטע, עסטלאַנד) «דערשלאָגן» צו נאַציאָנאַלער אױטאָנאָמיע, האָט דער ײדישער בירגערטום אינגיכן אַרױסגעװיזן, װי װײניק ערנסט פֿאַר אים איז די פֿאָדערונג פֿון אױטאָנאָמיע און װי לײכט עס פֿאַלט אים איר ליקװידאַציע (ליטע).

דער קלײנבירגער פאַר זיך אומעטום אַ שטײן און אַ רפואה קעגן זײנע אומצאליקע װײטאקן. דערפון נעמט זיך זײן אידעישער שטרעבן צו אַן אוניװערסאַלן „ס י נ ט ע ז" פון אַלע בירגערלעכע אידעאלאגיעס און צום פּ א ל י ט י ש ן ע ק ל ע ק ט י ז ם. זײן הױפּטפײנט זעט דער קלײנבירגער אינם גרױסקאַפּיטאַל מיט זײן אַסימילאַציע=אידעאלאגיע. פון דער אַנדער זײַע שרעקט אפּ דעם קלײנבירגער דער אַרבעטערקלאַס מיט זײן שארפן קלאַסן=אַנאַליז װאס דעקט אוף דעם סאציאַלן תהום, אין װעלכן די געשיכטע טרײבט דעם קלײנבירגער. מיט אַלץ אבער, װאס ליגט צװישן אט די בײדע עקסטרעמען, צװישן גרױסקאַפּיטאַל און פּראלעטאַריאַט, מיט דעם אַלעמען זוכט דער קלײנבירגער זיך װאס נענטער צו באַהעפטן, אַלע עלעמענטן און פאָרמען פון דעם בירגערלעכן נאַציאנאַליזם בילדן אין זײער מעכאַנישן סכום די אידעאלאגיע און די פּראגראַם פונם פאלקיזם. דער קלײנבירגער איז פול מיט אפּשײ=געפילן צום תכיף, ער שפּירט אַ שטאַרקן יראת=הכבוד צום רב; דאס העלפט דער ײדישער ארטאדאקסיע צו האַלטן דעם קלײנבירגער אינם עול=התורה. דער קלײנבירגער פילט אף יעדן טריט זײן אפּהײנגיקײט פונם ײדישן באַלעבאס, און נאענט און פארשטענדלעך איז אים זײן גלות=שרעק. צוזאמען מיט אים נויטיקט ער זיך אין דעם בארויקנדיקן ציון=טרײסט. צוזאמען מיטן מיטלבירגערטום זעט ער די גאלדענע צײט פונם ײדישן פאלק אינם עבר, בעת דאס אתה=בחרתנו=פאלק האט באגליקט די מענשהײט מיט די „אײביקע און הײליקסטע אנטפּלעקונגען, פון אמת, שײנקײט און יושר". זוכן ערגעץ װו טעריטאריאליסטן א לאנד פארן ײדישן פאלק, באגלײט זײ דעם קלײנבירגערס אנגעװײטיקט הארץ אין זײערע לאנד=זוכענישן. דרשנט עמיצער װעגן דער „הײליקײט" און „אײביקײט" פון לשון=קודש, געפינט די דרשה אן אפּקלאנג אין דער עבר=פּיעטעט פונם קלײנבירגער. אײן מאמענט טײלט אפּ דעם קלײנבירגער שארף פון דער מיטלבורזשואזיע — זײן ײ ד י ש י ז ם. ער פילט זיך טיף געקרײנקט, װאס אין באלעבאטישע קרײזן שעמט מען זיך מיט זײן אומגאנג=שפּראך מיטן „זשארגאן". דער צוגאנג פון דער ײדישער גרױס= און מיטלבור=

זשוואזיע צו יידיש רופט ארויס באם יידישיסטן גרויס פארביטע־
רונג. „יידיש האלט צונויפגעשמידט יידן אינײנעם, מאכט פון זיי
א באזונדערע אומה, מיט באזונדערע מידות און מנהגים און מיט
א באזונדער רוחניותדיק לעבן, הכלל יידיש שיידט אפ יידן פון
קריסטן, פון א וועלט. די שפראך מאכט א מחיצה, און די מחיצה
דארף מען אומוואַרפן... און זהות ווי יידיש, די פאלקשפראך
דערלײנגערט דעם גלות, יידיש האלט צונויף יידן אינײנעם אזוי ווי
רייפן א פאס, יידיש דערלאזט ניט, אז זיי זאלן איינגעשלונגען
ווערן און בטול בששים ווערן אין דער גוישער סביבה, דארף מען
פטור ווערן פון יידיש, דארף מען די פאלקשפראך אויסראטן"*).
מיר געפינען זיך דא פאר א רעאלער סתירה צווישן דעם נאצי־
אנאליסטישן קלײנבירגער און דער אסימילאטארישער גרויס־ און
האַלב־אַסימילאטאָרישער מיטלבורזשוואזיע.

פאר די ברייטע קלײנבירגערלעכע מאסע איז יידיש
דאך די איינציקע שפראך, אין וועלכער עס דערגייען צו
איר די אפקלאנגען פון דער גרויסער וועלט. און איז יידיש א
מיטל צו קאנסערווירן די נאציאָנאלע יחידישקייט, דערהייבט זיך
יידיש באם קלײנבירגער אויך צו דער מדרגה פון א קדושה —
דאס בילדעט דעם פאטאס פון יידישיזם. דער קלײנבירגער פילט
זיך שוואך און עלנט אין דער „פיינטלעכער גוישער וועלט". די
„פרעמדע" גוישע שפראכן רופן שטענדיק ארויס באם קלײנבירגער
די אסאציאציע וועגן קנאה און שנאה־געפילן. און ער ראטעוועט
זיך פון זיי אין זיין „מאמע־לשון", אין יידיש. יידיש איז ניט קיין
„מיאוסער זשארגאן", ווי דאס ווילן אים איינריידן די אַסימילא־
טארן. יידיש איז פארקערט דאס העכסטע און שענסטע, וואס
יידן פארמאגן, „אף יידיש שמייט דאס גאנצע יידישע פאליטישע
און פאלקלעבן". בא א יידיש קינד „פליט דאס פויגעלע, און
דעם קונדס השגה אויך דערמיט"; „פטיטשקא" אבער איז א
„בלײערנער פויגל... וואס פליט ניט און לעבט ניט און איז באַ־

---

*) נחום שטיף. «יידן און יידיש». פאַרלאַג «אָנהויב». קיעוו 1919, זייט 10 און 11.

שאפן געווארן נאר כדי צו פאראומערן דעם קינדס יארן און טעג און פארמיאוסן די וועלט" (דארטן, זייט 29.).

און וואס ווייניקער דער ײדישיסטישער פאטאס קאן זיך שטיצן אף רעאלע דערגרייכונגען אין דער קעגנווארט, אלץ העכער האלט ער דעם יחוס-בריוו פון ײדיש אין עבר: „ווער וועט זיך איינשטעלן אזוינס צו זאגן, אז די שפראך, למשל, פון א' רמ"א פון א ווילנער גאון, פון א בעל-שם-טוב און ר' לוי יצחק בארדיטשעווער איז ערגער און שטייט נידעריקער פאר אן אנדער שפראך" (דארטן, זייט 21). דאס אילוסטרירט בולט די פארווארצלטקייט פונם קליינבירגער-לעכן ײדישיזם אין דער טראדיציע און דא קלינגט זיין שטים אין פילסטן אוניסאן מיטן גאנצן ארטאדאקס-ציוניסטישן כלל-ישראל-כאר.

דער קליינבירגער-ײדישיסט -- „דער ײדישלעבער קלאס"— איז אבער אסך באשיידענער פארן מיטלבירגערלעכן העברעיסטן. זיינע פרוון צו פראָקלאמירן ײדיש אלס ד י ײדיש נאציאנאַלע שפראך, זיינען דעריבער שטענדיק געמאכט געווארן מיט א האלבן מויל. אין יאר 1908 איז לויט דער איניציאטיוו פון ד"ר נ. בירנבוים צונויפגערופן געווארן אין ט ש ע ר נ א וו י ץ א ספעציעלע קאנפערענץ וועגן דער ײדישער שפראך. ס'האבן זיך באטייליקט אין איר די באדייטנדיקסטע ײדישע ליטעראטן, ווי פרץ, אש, זשיטלאווסקי, נאמבערג, רייזין א. א. די הויפט-אויפגאבע פון דער קאנפערענץ איז באשטאנען אין פראקלאמירן ײדיש אלס איינע פון די נאציאנאלע ײדישע שפראכן, די קאנפערענץ האט זיך נישט געקאנט באשליסן אנצוערקענען דעם פאקט, אז ײדיש איז די איינציקע נאציאנאלע שפראך פון די ײדן. דאס וואלט באטייט א צו קלארע קאמף-פאזיציע בנוגע דעם העבראיזירנדיקן ײדישן מיטלבירגערטום. ווייטער, ווי דאס אויפשטעלן פון ײדיש אף איין מדרגה מיט העברעיש איז די קאמפעטענציע פון דער ײדישיסטישער אינטעליגענץ נישט געגאנגען.

דער הויפט-ציל פון דער קאנפערענץ — די שאפונג פון א ײדישיסטישער קולטור-ארגאניזאציע איז נישט דערגרייכט געווארן.

דיקלײנבירגערלעכע אינטעליגענץ איז זיך פאנאנדערגעפארן באוואפנט מיט דער פשרה-רעװאלוציע און האט זיך מיט אימפעט גענומען דרשהנען וועגן „קולטור-רענעסאנס". רען ס'איז געװען א צײט, בעת די רוסלענדישע רעװאלוציע האט זיך שוין געקײקלט בארג אראפ. עס איז אפילו נישט פארעפנטלעכט געװארן קײן גענױער באריכט װעגן דער ארבעט פון דער קאנפערענץ. א צװײטע קאנפערענץ װעגן דער ײדישער שפראך, װאס האט געדארפט פארקומען לױטן באשלוס פון דער טשערנאװיצער קאנפערענץ איז שױן בכלל נישט צונױפגערופן געװארן. נישט אומזיסט האט נאמבערג דעם גאנצן אופטו פון טשערנאװיץ באצײכנט אלס „שטיקל פאפיר" און דוקא נישט פון יענעם מין שטיקלעך פאפיר, װאס האבן געמאכט אי-בערקערענישן אף דער װעלט".

די קלײנבירגערלעכע מאסע שטעלט מיט זיך פאר דעם גרויסן באסײן, פון װעלכן עס שעפן זײערע רעזערװן די שכנות-דיקע סאציאלע גרופן. צװישן די בירגערלעכע פארטײען פון אײן זײט און די ארבעטער-פארטײען פון דער אנדער זײט קומט פאר א שטענדיקער אידעיש-פאליטישער גראנגל פאר דער העגעמאניע איבער דער קלײנבירגערלעכער מאסע. דערמיט דערקלערט זיך דער פאקט, װאס סײ די בירגערלעכע, סײ די פראלעטארישע פארטײען, נעמען אוף אין זײער פראגראם און טאקטיק די אדער יענע קלײנבירגערלעכע עלעמענטן, װאס דארפן דערלײכטערן צו פארשפרײטן די השפעה פון דער פארטײ אי-בערן קלײנבירגערטום. דאס האט אויך געטראפן מיט דעם צענט-ראל-פונקט פון דער פאלקיסטישער אידעאלאגיע, מיטן אױטאנא-מיזם, װאס איז ביסלעכװײז אופגענומען געװארן, סײ אין פראגראם פון דער ציוניסטישער מיטלבורזשואזיע, װאס האט קײנמאל קײן אופריכטיק פאזיטיװע באציונג צו דער גלות-אױטאנאמיע נישט געהאט, סײ אין די פראגראמען פון די ײדישע סאציאליסטישע פאר-טײען, װי בונד, סײמיסטן, פ.-צ. און ס.-ס. אזױ ארום איז דער פאלקיזם געבליבן נישט נאר אן זײן קלײנבירגערלעכער פאלקמא-סע, נאר בא אים איז אויך נישט געבליבן קײן אײן עיקר-פונקט אדער פאדערונג, װאס זאלן זיך נישט אנטהאלטן אין די פראג-

ראמען פון די איבעריקע יידישע פארטייען. עס איז אן איראניע
פונם גורל, אז אפילו דעם פארטיי=נאמען האבן בא די פאלק=
יסטן ארויסגעכאפט זייערע סאציאל=פאליטישע אנטיפאדן — די
אסימילאנטן — אין דער געשטאלט פון דער אזוי גערופענער
„פאלקסגרופע".

דערמיט דערקלערט זיך דער טרויעריקער גורל פונם
פאָלקיזם אין פראקטיש=פאָליטישן און אָרגאני=
זאציאָנעלן פרט. די רוסלענדישע רעוואָלוציאָנערע בא=
וועגונג פון 1905 האָט געזעלשאפטלעך טיף אופגעאקערט אויך
דאָס יידישע קליינבירגערטום. עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אז
אָט=אָט עפענען זיך פאר אים די טויערן פון גן=עדן, די פולבא=
רעכטיקונג. א געוויסער טייל פון דער קליינבירגערלעכער אינטע=
ליגענץ ווערט אריינגעצויגן אינם „פארבאנד פאר דערגרייכן די
גלייכבארעכטיקונג", ווו זיי בילדן דעם לינקן פליגל. פון אָט דעם
פליגל האָט זיך אין יאָר 1906, באם פאנאנדערפאל פונם
„דערגרייכער"=פארבאנד אויסגעטיילט די פאָלקיסטישע
גרופע מיט דובנאָוו בראש. עס איז געשאפן געוואָרן אן אָר=
גאניזאציאָנס=קאָמיטעט, וואָס האָט זיך געווענדט צו דער עפנט=
לעכקייט מיט אן אופרוף, אין וועלכן די פאָדערונגען פון דער
פאָלקיסטישער פארטיי ווערן פאָרמולירט אפן פאָלגנדיקן אופן:
„1) די דעמאָקראטיזאציע פון דער מדינה=אָרדנונג אפן יסוד פון
דיפלאָמאטישע פרייהייטן און א שטרייַנגן פארלאמענטאריזם מיט
א פאראנטוואָרטלעכן מיניסטעריום; אלגעמיינע, גלייכע, דירעקטע,
געהיימע און פראָפאָרציאָנעלע וואלרעכט; פולע גלייכבארעכטיקונג
פון אלע פעלקער פון רוסלאנד, אווטאנאָמיע פאר די איינצלנע
טעריטאָריעס און גאראנטיעס פאר די רעכט פון די נאציאָ=
נאלע מינדערהייטן. 2) די אָנערקענונג פון די יידן אלס נאציע
און די רעכט פון נאציאָנאלער זעלבסטפארוואלטונג אין אלע
פרטים פון אינערן לעבן, ד. ה. דאָס רעכט פריי צו אָרגאניזירן
די יידישע נאציאָנאלע געמיינדעס און צו פארייניקן זיי אין אן
אלגעמיין=רוסישן פארבאנד, דאָס רעכט צו באנוצן זיך מיט דער
יידישער שפראך אין עפנטלעכן לעבן, איינצואָרדנען נאציאָנאלע

שולן א. א. וו. 3) דאָס צונויפרופן אַן אַלגעמיינע יידישע נאַציאָנאַל פ אַ ר ז אַ מ ל ו נ ג פון גאַנץ רוסלאַנד אַף אויסצואַרבעטן די יסודות פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע לויט דעם ווילן פון יידישן פאָלק" *)

ווייטער פון אופשטעלן דעם פראָגראַם איז די טעטיקייט פון דער פאָלקיסטישער פאַרטיי ניט געגאַנגען. קיין שום מאַסן האָבן זיך אַרום די פאָלקיסטישע פאָדערונגען נישט אָרגאַניזירט. מען האָט אַפילו נישט געקאָנט צונויפרופן דעם גרינדונג-צוזאַמענפאָר פון דער פאַרטיי. אין דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אין וועלכער די קליינבירגערלעך-ראַדיקאַלע אינטעליגענץ האָט צו יענער צייט געשפילט אַ באַדייטנדיקע ראָל, האָט דאָס שטרעבן פון דעם יידישן קליינבירגערטום זיך צו אָרגאַניזירן אין אַ זעלבשטענדיקן פאָליטישן כח געפונען אַ געוויסן אָפּקלאַנג. אין בונדישע קרייזן האָט מען אַפילו וואַרעם אונטערשטיצט דאָס שטרעבן פונם ראַדיקאַל-פּראָגרעסיוון טייל פונם יידישן קליינבירגערטום זיך פּאָליטיש צו קאָנסאָלידירן און זיך צו באַפרייען פון דער גרויס- און מיטלבירגערלעכער השפּעה. דער פרווו צו שאַפן אַ פּאָליטישע מאַסן-אָרגאַניזאַציע פון דעם יידישן קליינבירגערטום האָט זיך אָבער נישט איינגעגעבן. דאָך מוז מען אָנערקענען, אַז אויב די צאָל פאָלקיסטן איז געווען אומבאַדייטנדיק, זיינען די פאָלקיסטישע שטימונגען און דער פאָלקיסטישער מהיכא-תתי-צוגאַנג צו אַלע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, געווען זייער פאַרשפּרייט נישט נאָר צווישן דעם ברייטן אומפּאַרטעיִשן עולם, נאָר אויך צווישן די אָרגאַניזירטע מיטגלידער פון די אַנדערע יידישע בירגערלעכע פאַרטייען. דער פאָלקיזם האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ סאָציאַל - פּאָליטישן מפּיל; עס האָט אים אינגאַנצן געפעלט דער חוט - השדרה, דער סאָציאַל-פּאָליטישער צוזיונגס-כח, כדי צו אָרגאַניזירן אַרום זיך אַלע פאָלקיסטיש-איינגעשטעלטע עלעמענטן. די פאָלקיסטישע גרופּן זיינען געבליבן פאַריינזאַמטע אינטעליגענטישע הייפלעך. דער פאָלקס-

---

*) «דאָס יידישע פאָלק» נומער 2. 1907.

פאַרטיי האָט אפילו געפעלט דער גענעראַל־שטאַב. און עס קלינגט ווי אַ ביטערע איראָניע, בעת דובנאָוו דערקלערט, אַז די פאָלקס־פּאַרטיי „שטעלט מיט זיך פאָר פּאָטענציעל דעם קערן פון דער אָרגאַניזירטער נאַציע". אינם רעאַלן לעבן האָט זיך אַזאַ פּאָטענץ אין ערגעץ נישט אַרויסגעוויזן.

בעת די רעאַקציע נאָך 1907 האָט דורכגעפירט אַ נאַ־טירלעכן סאָציאַל־פּאָליטישן אָפּקלייב צווישן די יידישע סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען, האָט די פאָלקס־פּאַרטיי באַקומען אַ נייעם צופלוס פון אינטעליגענץ, אַרום די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען, באַזונדערש אַרום די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע, וואָס האָבן זיך געבילדעט אין די יאָרן 1905—1906 („ס. ס." און „י. ס.") האָבן זיך גרופּירט באַדייטנדיקע קאַדרען פון דער קליינבירגער־לעך־ראַדיקאַלער אינטעליגענץ. און בעת די האָפענונגען אויף דער תיכּפדיקער ישועה דורך דער רעוואָלוציע — אויף דער גלייכבאַ־רעכטיקונג—האָט זיי אָפּגענאַרט, האָט דער סאָציאַליזם פאַר זיי פאַרלאָרן זיין גאַנצע צוציונגס־קראַפט. אין דידאָזיקע רעאַקציע־יאָרן האָט זיך דאָס נאַציאָנאַליסטישע באַוווסטזיין פון אָט די עלעמענטן באַפרייט פון דער סאָציאַליסטישער פראַזעאָלאָגיע. זייער וועג איז געווען פון דעם קליינבירגערלעכן כּלל־ישראל, דורכן פּראָלעטאַ־רישן קלאַסן־קאַמף, אַלס דירעקטן וועג צו גלייכבאַרעכטיקונג, ווידעראַמאָל צום קליינבירגערלעכן כּלל־ישראל. דער פּראָלעטאַ־רישער „אַפּנייג" זייערער, איז געווען אַ צופעליקער, אָנגעהויבט דורך דער רעוואָלוציע. און בעת די רעאַקציע האָט זיי „געעפנט די אויגן", האָט זיך אָנגעהויבן דער באַוווסטער על־חטא „אַלע קריזיסן, אַלע אויסוועייניקסטע חורבנות, מיט זייערע מיאוסע און שרעקלעכע רעזולטאַטן, מיטן בלייכן יאוש, מיט דער טויטער גלייכגילטיקייט און אָפּהענטיקייט, מיט דעם ציניש געלעכטער איבער דער אייגענער פאַרגאַנגענהייט און מיטן שמייכעלע איבער אַלטע געטער, אין דער קראַפט אויף צו שאַפן נייע — אָט אַלע די בייזע רוחות, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין בין־השמשות פון אונזער פּאָליטישן לעבן, זיי האָבן זיך אַלע גענומען פון דידאָזיקע

היסטארישע טעותן״ *) און די אלע טעותן האבן זיך גענומען פון דעם גרונט־טעות, וואס די קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ האט זיך געלאזט „פארפירן״ דורכן קלאסנקאמף, וואס האט זי אראפגעפירט פון דרך־הישר פון דער כלל־ישראל פאליטיק. און אז מען פארלירט דעם וועג, זיינען אלע וועגן גוט, אלע וועגן פונם בלאנדזשענדיקן כלל־ישראל. „צי איז איצט ניט כלל־ישראל, דער יידישער וועלטבירגערטום פאר אונז אן אידעאל? צי איז נישט א מארערנער כלל־ישראל אונזער פאליטישע צוקונפט? — דוכט זיך, אז דאס איז א סך־הכל פון א הונדערט־יאריקער געשיכטע. כלל־ישראל, פרט ישראל און ווידער כלל־ישראל, אף א העכערער מדרגה און מיט א רייכערן אינהאלט״ **)

אט די שטימונגען האבן באפרייט פון סאציאליסטישער געפאנגענשאפט יענע נאציאנאליסטישע גייסטער, וואס זיינען אין די רעוואלוציע־יארן אהין פארבלאנדזשעט, ווי לאצקי־בערטאלדי, ש. ניגער, י. טשערניכאוו פון די „ס. ס.״; י. עפראיקין, נ. שטיף און ז. קאלמאנאוויטש פון די „י. ס.״ א. א. מיטן לאזונג פון פאזיטיווער רעאל־פאליטיק, מיט דער פראפאגאנדע פון „קליינע מעשים״ און מיטן געפילדער וועגן קולטור־רענעסאנס, האבן די געוועזענע סאציאליסטן צוגעדעקט דעם אפגאנג צום קליינבירגערלעכן פאלקיזם.

די געזעלשאפטלעך און פאליטיש־ארבעטלאזע יידישע אינטעליגענץ האט אין די רעאקציע־יארן אנגעהויבן זוכן אן אנווענדונג פאר אירע כחות קודם־כל אפן געביט פון גייסטיקער קולטור. דאמאלסט האט מען דאס געמאכט די גרויסע אנטדעקונג וועגן דעם יידישן קולטור־רענעסאנס. „דער אנטשטייענדער קולטור־רענעסאנס פאדערט, אז אף זיין באדן, אפן באדן פון קולטור־שאפן, זאלן פאראייניקט ווערן אלע לעבעדיקע קרעפטן פון פאלק. פארפעסטיקן אונזערע נאציאנאלע באסטיאנען — דאס איז

*) וו. לאצקי־בערטאלדי «כלל־ישראל־פאליטיק» אין «יידישע וועלט». יאנוואר 1913 ז. 100.
**) דארטן.

דאָס שלאָגוואָרט, וואָס הייִנגט אין דער לופֿט״*). אין אַזאַ כּלל־ישׂראל שפּראַך האָבן אָנגעהויבן צו ריידן די מאַרקסיסטן פון נעכטן. מען האָט זיך אָבער נישט באַגנוגנט מיט דער ריינער קולטור. באַלד האָט מען זיך אַ לאָז געטאָן „איינצונעמען״ אויך די יידישע עקאָנאָמיק. מען האָט געשטרעבט אַריינצודרינגען אין אַלע עקאָנאָמישע הילף־אָרגאַניזאַציעס, ווי „איקא“ און אין אָרגאַניזאַציעס פון עקאָנאָמישער אַליינהילף, ווי די קאָאָפּעראַציעס, לייַ־ און שפּאַר־קאַסעס וכדומה. אַף אַזאַ אופן האָט מען גע־שטרעבט צו קומען אין באַרירונג מיט דער קליינבירגערלעכער און באַזונדערש בעל־מלאכהשער יידישער מאַסע.

דער איבערגאַנג פון אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער נאַצי־אָנאַל־סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ צום פֿאָלקיזם איז געווען אַ קאַמפּער־איינשפּריצונג, וואָס וואָלט געקאָנט אופלעבן דעם פֿאָל־קיסטישן בר־מנן. ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפן. אַלע היסטאָ־רישע טערמינען זיינען שוין געווען פאַרזאַמט און די אַלע געוועז־זענע לייט האָבן אויך אַלע צוזאַמען נישט פאַרמאָגט דעם כּח צונויפצוקלייבן דעם שריד ופליט פונם פאָלקיסטישן חיל.

דער פֿאָלקיסטישער אידייען קאָנגלאָמעראַט האָט זיין רייכן פאַרבן־ספּעקטער. אין מאָמענטן פון רעוואָלוציאָנערן אופשווונג ווערן פאַרשטאַרקט די לינקערע עלעמענטן און ערטערווייז דער־הייבן זיך די פֿאָלקיסטישע גרופּן צום פֿאָלק־סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט. די קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ שפּירט אַף זיך דעם צוציונגס־כּח פון דעם זיגנדיקן אַרבעטערקלאַס. אָבער אין מאָמענטן פון רעאַקציע שוואַנקט דער קליינבירגערטום צוריק אָפּ צום מיטלבירגערטום און ווערט סאָציאַל־פּאָליטיש אַבסאָרבירט אינם ציוניזם און אין דער אָרטאָדאָקסיע. דורך די אינטעליגענ־טישע רייען טראָגט זיך דאַמאַלסט דער רוף—„צוריק אין שול, אין בעסמעדרעש אַריין״. די אינטעליגענטישע נשמה האָט זיך פאַרבייַנקט אַהיים, קיין ציון. אַזוי אַרום איז דער פֿאָלקיזם גע־

*) „צו אונזערע לעזער“, „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטן“. ווילנע 1908 נומ. 1.

ווען און געבליבן אַ פּאַרטיי אָן מיטגלידער, אָדער נאָך ריכטי־
קער, אַ פּראָגראַם אָן אַ פּאַרטיי.

דער יידישער קליינבירגער האָט נישט קיין פּאָליטישן און
אידעישן רוקנביין, וואָס זאָל אָרגאַניזירן זיינע סתירותדיקע עלע־
מענטן אין אן איינהייטלעכן גוף. אין מזרח, וואָס ווערט אָנגעפירט
דורכן זיגרייכן ארבעטערקלאַס, זיינען דעריבער די קליינבירגער־
לעכע שפּליטערס אַריינגעצויגן געוואָרן דורכן פּראָלעטאַרישן מאַג־
ניט אינם אידייען־ און טעטיקייט־קרייז פונם סאָציאַליזם. די
קליינבירגערלעכע יידישע אינטעליגענץ האָט זיך דאָ אין אַ
באַדייטנדיקן טייל אירן געשטעלט אין שפּאַן פון דער גרויסער
קולטור־ און פּראָדוקטיווירונג־טעטיקייט, וואָס ווערט אָנגעפירט
דורכן אַרבעטערקלאַס.

אינם קאַפּיטאַליסטישן מערב, ווו די אינערציע פונם סוחריש־
מסקלערישן אימפּעט האָט ווידעראַמאָל ארויסגערוקט אף דער
געזעלשאַפטלעכער אוואנסצענע דעם יידישן תכיף און באַלעבאָס,
מיט דער שווארצער מאגיע פון דער רעליגיעזער טראַדיציע און
מיט דער ווייסער מאגיע פון דער ציוניסטישער מיסטיפיקאַציע,
דאָרטן זיינען די פאַריינזאַמטע פאָלקיסטישע שפּליטערלעך אַריינ־
געצויגן געוואָרן אינם השפעה־קרייז פון דער יידישער מיטלבור־
זשואַזיע. די גדולים פונם פאָלקיזם מיט ש. דובנאָוו בראש
האָבן קליינמוטיק קאַפּיטולירט פאַרן אומפּרוכטבאַרן ציון־מיראַזש.
דער פאָלקיזם, אידעיש אַ געקינצלטע היסטאָרישע קאָנסטרוקציע,
איז געזעלשאַפטלעך און פּאָליטיש געווען און געבליבן אַ טויט־
געבאָרן קינד.

---

M. Šac-Anin

# Gezelšaftleche bavegungen ba idn far 1917



הויפּטפּארקויף
„ביכער פאַר אַלעמען"
Rīgā, Brīvības ielā 7.

